מ. נודעלמאן

# געלעכטער דורך טרערן

די הכנסה פון דעם דאָזיקן בוך איז באַשטימט

פאַרן הילפס-פאָנד פון פוילישן יידנטום.

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן
אין ארגענטינע
יעדאקטאָר: מאַרק טורקאָוו

## ביז איצט דערשינען:

1) **מאַרק טורקאָוו: מלכה אָוושיאַני דערציילט...** (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן - י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש
6) זרובבל: בארג חורבן (קאפּיטלען פּוילן)
7) אלחנן צייטלין: אין א ליטעראַרישער שטוב
8) ד״ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (איינדרוקן פון א רייזע)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13.

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

פּראָפ׳ ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די יידן־שטאָט לובלין
ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר.
ישראל אפרת: היימלאָזע מענטשן
דוד פליוקער: א הויז אויף גזשיבאָוו
ד״ר הלל זיידמאַן: טאָג־בוך פון וואַרשעווער געטאָ.
נח גריס: קינדער - מאַרטיראָלאָגיע
פרידע זרובבל: נע - ונד (פאַרצייכנונגען פון א פּליטה)

## עס גרייט זיך צום דרוק:

נחום סאָקאָלאָוו: פּויליש־יידישע פּערזענלעכקייטן
טאַניאַ פוקס: א וואַנדערונג דורך אָקופּירטע לענדער
ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
ד״ר עמנואל רינגעלבלום: צו דער געשיכטע פון יידן אין וואַרשע
ד״ר יצחק שיפּער: יידן אין אַלטן פּוילן
צפּורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו: יצחק קאַצענעלסאָן
זלמן וואַזערצוג: יאַנוש קאָרטשאַק
א. ל. שוסהיים: סילועטן און עפּיזאָדן פון גאַליציע
שמואל צעסלער: זאַבלודאָווע — די לעגענדע פון א יידיש שטעטל

---

ווענן אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**
Pueyrredón 667 Buenos Aires

מ. גודעלמאַן

# געלעכטער דורך טרערן

זאַמלונג פון הומאָריסטיש-סאַטירישע שאַפונגען
פונעם נאָכמלחמהדיקן לעבן פון פוילישע יידן



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל - פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
פאַרלאַגס-לייטונג: א ב ר ה ם מ י ט ל ב ע ר ג
בוענאָס-איירעס, 1947

# פאָרוואָרט

שוין דער נאָמען אַליין — „געלעכטער דורך טרערן", קלערט אויף אַמבולטסטן דעם כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן בוך, וואָס ווערט איצט איבערגעגעבן דעם לייענער אַלס צענטער באַנד פון דער סעריע „דאָס פוילישע ייִדנטום".

דאָס בוך אַנטהאַלט די אַרבעטן, וואָס מ. נודעלמאַן האָט פאַרעפנטלעכט אין דער ייִדישער פרעסע אין פוילן און אין אויסלאַנד, זינט ער האָט זיך, נאָך אַ הפסקה פון 6 בלוטיקע יאָר, אומגעקערט קיין פוילן אַלס אָפיציר פון דער פוילישער פאָלקס־אַרמיי, וואָס האָט זוכה געווען אַריינצומאַרשירן צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי קיין בערלין.

מיט רעכט זאָגט נודעלמאַן אין זיין איינלייטונגס־וואָרט, אַז:

„דער ייִדישער הומאָריסט־כאַטיריקער איז פוילן האָט היינט צו טאָג צוויי וויכטיקע אויפגאבן:

ערשטנס, — אַרויסברענגען בולטער, מיט די שאַרפסטע שטריכן, אַלע פעדלערן און די גאַנצע לעכערלעכקייט. מעז דאַרף ווייזן די קאַריקאַטור, סיי פון די פירער און סיי פון די, מיט וועלכע מעז פירט אַז. דער קרומער שפיגל דאַרף צוהעלפן דורכפירן די „פאַרשענערונגס־אָפעראַציע" אין דעם נייעם ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן פרצוף פון פוילן.

צווייטנס, — צוריקברענגען אויפן פנים פונעם אָפגעראַטעוועטן פוילישן ייִד כאָטש אַ אַנדייטונג פון געלעכטער. דאָס קליינע הייפעלע פוילישע ייִדן, וואָס האָט זיך על פי נס אָוועקגעגנבעט פון מלאך המות, האָט שוין פאַרגעסן, וואָס עס הייסט אַזוינס אַ שמייכל. נאָך די לעצטע חורבן־יאָרן איז אָפגעמעקט געוואָרן דער שמייכל ביים פוילישן ייִד. און מאַכן היינט לאַכן אַ פוילישן ייִד, — דאָס איז היינט נישט סתם קיין „פראָפעסיאָנעלע אַרבעט": דאָס איז פיל מער."

אין אַ הומאָריסטיש־סאַטירישער פאָרעם ברענגט פאַר אונדז אַרויס דער מחבר אַ בילד פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט, אין

וועלכער עס געפינט זיך דער פּוילישער ייד נאָך דער מלחמה, נישט בלויז אין פּוילן גופא, נאָר אויך מחוץ פון פּוילן, אויפן וואַנדערוועג איבער איירָאפּע, אין געיעג נאָך אַ נייער היים, נאָך אַ וויזע, וואָס ווערט אַזוי דייטלעך אַרויסגעבראַכט אין דעם ציקל פּעליעטאָנען „מנחם מענדל עמיגראַנט", וואָס שליסט אָפּ דאָס דאָזיקע בוך.

דער קרומער שפּיגל פון דער יידישערווירקלעכקייט, וואָס נודעלמאַן מאָלט פאַר אונדז, איז נישט בכדי אָפּצולאַכן, בכדי חוזק צו מאַכן פון דער יידישער טראַגעדיע, נאָר אין קעגנטייל: דורכצופירן די „פאַרשענערונגס־אָפּעראַציע" פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּרצוף פון די שארית הפליטה.

נודעלמאַן באַהאַנדלט די וויכטיקסטע לעבנס־פּראָבלעמען פון פּוילישע יידן לייכט, גראַציעז, אָבער נישט זאָרגלאָז. ער וויל דורך זיינע שילדערונגען אויך ביישטראָגן צו דער פאַרבעסערונג און פאַרשענערונג פון דעם יידישן לעבן פון די יעניקע, וואָס האָבן אין משך פון די 6 יאָר אַזוי פיל געליטן און וועמענס ליידן עס האָבן זיך, ליידער, עד־היום, נישט פאַרענדיקט.

נודעלמאַן גייט צו צו די דאָזיקע פּראָבלעמען נישט ווי קיין דרויסנדיקער אָבסערוואַטאָר, נאָר ווי איינער פון דער גרויער מאַסע, וואָס איז אַליין בלויז דורך אַ נס פאַרבליבן צווישן די לעבעדיקע, פאַרלירנדיק אונטער די ברענענדיקע מויערן פון וואַרשעווער געטאָ אַלע זיינע נאָענטסטע.

נודעלמאַנס „געלעכטער דורך טרערן" איז אַ טראַגישע איבערלעבונג.

און טאַקע אין די טראַגישסטע מאָמענטן פון אונדזער לעבן מוזן מיר אַרויפצווינגען אויף זיך אַ שמייכל.

האָבן דאָך יידן אויך אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ביי דער שקלאַפן־אַרבעט געלאַכט און געמאַכט וויצן. דאָס האָט זיי זייער אָפט אויפגעהאַלטן ביים לעבן, גייסטיק געשטאַרקט אין די מאָמענטן פון זייערע שווערסטע פיזישע ליידן און שרעקלעכן הונגער.

די ליטעראַטור פון די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, די לידלעך, וואָס זענען דאָרט געשאַפן און געזונגען געוואָרן, די וויצן, וואָס מען האָט זיך דאָרט דערציילט, ווערט איצט צונויפגעזאַמלט

און באַרייכערט די מאַטעריאַלן צו אונדזער טראַגישער געשיכטע.

נודעלמאַנס בוך, וואָס באַציט זיך אויפֿן נאָכמלחמהדיקן פּעריאָד, איז אַ ווערטפֿולער בייטראָג צו די דאָזיקע מאַטעריאַלן

אין דעם פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן האָט מ. נודעלמאַן געהערט צו די פּאָפּולערסטע הומאָריסטן, סיי אין דער יידישער פּרעסע, סיי אין דעם רעפּערטואַר פֿון דעם יידישן קליינקונסט־טעאַטער. ער האָט מיט זיין טאַלאַנט פֿיל בייגעטראָגן צו דערוועקן אַ שמייכל ביי די יידישע מאַסן.

אָבער אַנדערש האָט דאַן אויסגעזען די טעמאַטיק, מיט וועלכער דער יידישער הומאָריסט האָט אָפּערירט, און אַנדערש זעט זי אויס היינט צו טאָג.

ווייל אַנדערש איז דאַן געווען דאָס יידישע לעבן, דער יידישער קאַמף און די יידישע האָפֿענונג. און אַנדערש איז עס היינט, נאָך דער צווייטער וועלט־שחיטה, נאָכן אומברענגען 6 מיליאָן יידישע לעבנס.

פֿאַר אונדז איז נודעלמאַנס בוך „געלעכטער דורך טרערן" נישט בלויז אַ זאַמלונג פֿון הומאָרעסקן און וויצן, ווי גוט און ווי טאַלאַנט־פֿול זיי זאָלן נישט געשילדערט ווערן, נאָר עס איז אַ דאָקומענט צו דער געשיכטע פֿון אונדזער טראַגישער ווירקלעכקייט.

דעריבער איז נודעלמאַנס געלעכטער, אַ געלעכטער דורך טרע־רן, אַ בלוטיק געלעכטער...

מארק טורקאָוו.

בוענאס איירעס, יאנואר 1947.



ל אַ כ ן ל ש ם ל אַ כ ן — דאָס איז היינט אַ צו־גרויסער לוקסוס פאַר אַ יידישן הומאָריסט, בפרט נאָך — פאַר אַ יידישן הו־מאָריסט אין פוילן.

מען מוז לאַכן וועגן אַן עפּעס, און דער יידישער „ע פּ ע ס" אין פוילן איז איצט אַ ל ץ. מער ווי ע פּ ע ס איז דאָך נישט פאַרבליבן...

אַמאָל, אין „יענע צייטן", איז אַ יידישער הומאָריסט־סאַטירי־קער געשווומען אין טעמעס. עס האָט געפּליסט אַ ריין יידיש, גע־זעלשאַפטלעך, פּאַרטייאיש, פאַרשידנאַרטיק לעבן. דער הומאָריכט האָט געהאַט אַ שפע פון „שמאַף". ס׳איז געווען פון וו אַ ס צו לאַכן, ס׳איז געווען פ ו ן וו ע מ ע ן צו לאַכן און ס׳איז געווען פ אַ ר וו ע מ ע ן צו לאַכן.

עס האָט געשפּרודלט אַ רייך, ספּעציפיש־יידיש שטייגער־לעבן, וואָס האָט זיך ממש געבעטן: „נעמט, באַארבעט מיך".

דאָס יידישע קולטור־לעבן אין פוילן האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל; עס זענען געווען אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס מיט פאַר־שידנערליי „איזמען", און אַלץ איז גענומען געוואָרן „אויפן וואַר־שטאַט" פון הומאָריסט־סאַטיריקער.

יידישע דעפּוטאַטן, ראַטמענער, דאָזאָרעס, פּרנסים, כלל־טוער, קאָך־לעפל, רעדל־פירער — זיי אַלע זענען געווען געשווירענע אָב־יעקטן צום אַריינזאָגן, צום קיביצן, צום אָפּלאַכן.

דער יידישער הומאָריסט־סאַטיריקער האָט געהאַלטן דעם פּולס פון אַלעם, וואָס איז געווען אויף דער יידישער גאַס. מיטן הומאָריסט־סאַטירישן געווער האָט מען „דערלאַנגט איבערן קאָפּ" אַלע, וואָס האָבן זיך עס פאַרדינט. ווי איז געווען דעם עסקן, וועלכער איז גע־

וואָרן „אָן אָפּטער איינגייער" אין די הומאָריסטיש-סאַטירישע שאַ-
פונגען פון פאַרשידענע פאָרמען. נאָך ערגער איז אָבער געווען דעם,
וואָס מ'האָט  ג אָ ר נ י ש ט  דערמאָנט, און וועלכער איז נאָך נישט
דערגאַנגען צו דער מדרגה, אַז מען זאָל אים נעמען „אין דער אַרבעט
אַריין"...

איצטער איז אָרים די יידישע טעמאַטיק אין פּוילן, ווייל אָרים
איז דאָס יידיש-געזעלשאַפטלעכע לעבן. נישטאָ פון וועמען אָפּצו-
לאַכן; און אַז מען לאַכט שוין יאָ אָפּ — לאַכט מען מיט „רחמים",
גוטמוטיק. מען קוקט דורך די פינגער... ווייל אַלץ איז דאָך נאָך דאָ
אין די וויקעלעך. מען הייבט אָן אין יעדן געביט פון „בראשית", און
פון אַן אָנפאַנגער פאַרלאַנגט מען ווייניקער...

פון וועמען זשע איצט אָפּלאַכן?

אויפן „ערשטן פייער" גייען די יידישע קאָמיטעטן.

די קאָמיטעטן שפּילן איצט בלי ספק אַ גרויסע ראָל אינעם יידי-
שן לעבן אין פּוילן; און די קאָמיטעט-לייט זענען די, אויף וועמען
מען „דאַרף" אויסגיסן דעם גאַנצן צער און ווייטיק און ביטערניש.
עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס אַ הומאָריסט אין פּוילן,
אויב ער וויל געבן די קרומע אָפּשפּיגלונג פון דער איצטיקער נייער
יידישער ווירקלעכקייט, — נעמט ער קודם-כל אויפן אָפּעראַציע-
טיש די קאָמיטעטן. און נישט בלויז די קאָמיטעטן אין פּוילן זענען
אַ נייע דערשיינונג, אַ נאָך-מלחמה-פּראָדוקט, אָבער אויך דאָס נייע
יידישע שטייגער-לעבן, וואָס איז אַנטשטאַנען  אַ ר ו ם  די קאָמי-
טעטן און  אַ ד אַ נ ק  די קאָמיטעטן, — אויך דאָס איז אַ נייע דער-
שיינונג.

און די לעכערלעכע זייטן פון דער נייער יידישער ווירקלעכ-
קייט זענען אָנזעבאַר נישט נאָר פאַרן אַזוי-גערופענעם פּראָפעסיאָ-
נעלן הומאָריסט; אויך דער „פּשוטער" און „דורכשניטלעכער" ייד
לאַכט אָפּ פון דער, אויף געוויסע געביטן, נעבעכדיקער טעטיקייט
אין די קאָמיטעטן. ביוראָקראַטיע. שלאַבערדיקייט.  ג ר ו י ס ע ר
טומל און  ק ל יי נ ע  הילף. אַ סך מלאכות און ווייניק ברכות. די
דאָזיקע  ט ר ו י ע ר י ק ע  אומשטענדן רופן פון זיך אַליין אַרויס

א געלעכטער; ס'איז א געלעכטער, נאטירלעך, מיט יאש־טשערקעס. וועגן דער איבערגעטריבענער ביוראקראטיע אין די קאָמיטעטן, אנטשטייען וויצן. אַט למשל:

אין אַ פּראָווינצער קאָמיטעט קומט אַריין אַ ייד און פרעגט דעם סעקרעטאַר, ווי שפּעט ס'איז.

— איר זענט ביי אונדז אין קאָמיטעט רעגיסטרירט? — פרעגט דער סעקרעטאַר.

— ניין, כ'בין רעגיסטרירט אין וואַרשעווער קאָמיטעט.

— אויב אַזוי, האָב איך נישט קיין רעכט אייך צו זאָגן ווי שפּעט ס'איז. איר געהערט צו וואַרשע...

אַ וויץ, בכלל, דאַרף זיין דער מהלך פון ווירקלעכקייט, ביז — פאַנטאַזיע; אין דערמאנטן פאַל איז דער מהלך גאַרנישט קיין גרויסער.

דער יידישער הומאָריסט־סאַטיריקער אין פּוילן האָט היינט צו טאָג צוויי וויכטיקע אויפגאַבן:

ערשטנס, — אַרויסברענגען בולטער, מיט די שאַרפסטע שטריכן, אַלע פעלערן און די גאַנצע לעכערלעכקייט. מען דאַרף ווייזן די קאַריקאַטור, סיי פון די פריער און סיי פון די, מיט וועלכע מען פירט אָן. דער קרומער שפּיגל דאַרף צוהעלפן דורכפירן די „פאַרשענערונגס־אָפּעראַציע" אין דעם נייעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן פּרצוף פון פּוילן.

צווייטנס, — צוריקצוברענגען אויפן פּנים פונעם אָפּגעראַטעוועטן פּוילישן ייד כאָטש אַן אָנדייטונג פון געלעכטער. דאָס קליינע הייפעלע פּוילישע יידן, וואָס האָט זיך על פּי נס אַוועקגעגנבעט פון מלאך המות, האָט שוין פאַרגעסן, וואָס עס הייסט אַזוינס אַ שמייכל. נאָך די לעצטע חורבן־יאָרן איז אָפּגעמעקט געוואָרן דער שמייכל ביים פּוילישן ייד. און מאַכן היינט לאַכן אַ פּוילישן ייד, — דאָס איז היינט נישט סתם קיין „פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט"; דאָס איז פיל מער.

אינעם דאָזיקן בוך איז צונויפגעזאַמלט מיין באַשיידענע אַרבעט פון די ערשטע טעג אָן נאָך דער אַנטשטייאונג פון אַ ניי יידיש לעבן אין פּוילן.

„געלעכטער דורך טרערן" — אזוי האָב איך באַטיטלט מיין בוך.

אין אַנדערע צייטן וואָלט אַ הומאָר־זאַמלונג נישט געדאַרפט טראָגן אַזאַ נאָמען. געלעכטער דורך טרערן — דאָס גייט שיין, אייגנטלעך אַרוים פון די ראַמען פון אַ נאָמען; דאָס איז גיכער אַן אָפּשאַצונג פון דער זאַמלונג פאַרן לייענער נאָכן באַקענען זיך מיטן אינהאַלט.

אויב אָבער איך האָב דאָך באַשלאָסן אַריינצונעמען אַלץ, וואָס געפינט זיך דאָ, אונטער דעם דאָזיקן נאָמען, — איז עס דערפאַר, ווייל דאָס געלעכטער דורך טרערן איז נישט נוגע בלויז דעם לייענער; דער מחבר פון בוך איז אויך אַ פּוילישער ייד. און טרערן ווייסן נישט קיין אונטערשיד פונעם לייענער ביזן שרייבער...

מ. גודעלמאַן.

פּאַריז, דעצעמבער 1946.

# נאָך זעקס יאָר...

## (אַ פעליעטאָן, יאָ — אַ פעליעטאָן !...)

ס'איז שווער, זייער שווער צוריק אריין אין דער הויט!

זעקס יאָר צייט נישט געשריבן קיין יידיש וואָרט פאַר אַ יידישער צייטונג. און היינט, ווען איך פּרוּוו מיט כּח אָנהייבן אויפסניי, לייגט זיך עפּעס נישט די האַנט, די פינגער ציטערן, די פעדער פאַרשטרייקט און זאָגט צו מיר חוצפּהדיק:

— סטאָפּ! פעליעטאָנען ליגן דיר נאָך היינט אין קאָפּ?!

וועגן וואָס מאַקע שרייבן? און וואָסער „טיטל" געבן דעם פעליעטאָן? דער סדר פון שרייבן איז דאָך, אַז מ'דאַרף אָנהייבן פון טיטל.

כ'בין געבליבן אין פאַרלעגנהייט און באַשלאָסן צו באַטיטלען דעם פעליעטאָן אָן ווערטער, נאָר פּראָסט־פּשוט — מיט אַ גרויסן פראַגע־צייכן.

האָב איך מיך אָבער אין דער לעצטער מינוט געכאַפּט, אַז איך לאָז מיך אויף גליטשיקע וועגן. ווי ווערט היינט אַ יידישע צייטונג אין פּוילן זיך קאָנען דערלויבן אויף אַזאַ לוקסוס און האָבן אין זעצעריי אַ גרויסן פראַגע־צייכן?

וואָרום דער חשבון איז אַ פּשוטער חשבון: אויב מ'האָט באַדאַרפט וואַרטן אויף לאָנדאָן צו באַקומען עטלעכע קאָמפּלעטן ליגאָטיפ־מאַטריצן — דאַרף מען, אַלזאָ, וואַרטן אויף אַמעריקע צו באַקומען אַ פּאַרציע פראַ־גע־צייכנס, אויף אויסטראַליע דאַרף מען וואַרטן צו באַקומען אויסרוף־צייכנס און אויף דרום־אַפריקע — צו באַקומען אַ טראַנספּאָרט פּינטע־

לעך... (די דאָזיקע עטלעכע פּינטעלעך וועט מען נאָך ווי עס איז צוזאַמענ־שטעלן פונעם אייגענעם זאַפּאַס.)

אַלזאָ, די פראַגע וועגן באַטיטלען דעם פעליעטאָן מיט איין גרויסן פראַגע־צייכן פאַלט אָפּ.

איז וואָסזשע דען? אפשר געבן אנשטאָט איין גרויסן פראַגע־צייכן — עטלעכע קליינע פראַגע־צייכנס?

איז אָבער די דאָזיקע קאָנצעפּציע אויך אָפּגעפאַלן. וואָרום מ׳קאָן זיך נישט וואַרפן צוליב אַ ליאַדע פעליעטאָן מיט פראַגע־צייכנס. עס זענען, ברוך השם, היינט צו טאָג פאַראַן וויכטיקערע ענינים, וואָס נייטיקן זיך אין פראַגע־צייכנס.

אָט, למשל, דאַרף מען אויסנוצן די פראַגע־צייכנס צו אַזעלכע זאַצן, ווי:

„ווי לאַנג נאָך וועט זיך אויסלאַנד דאַרפן „ב אַ ק ע נ ע ן“ מיט דער לאַגע פון די פוילישע יידן, ביז מ׳וועט ענדלעך זען אַ קאָנקרעטע אויפ־בוי־אַרבעט“ (אַ פראַגע־צייכן).

צי איז נאָך אַלץ נישט געקומען די צייט ביי אונז דאָ אויף דער יידישער גאַס, אַז עס זאָלן זיך פ אַ ר אַ יי נ י ק ן אַלע, וואָס דאַרפן מיט פ אַ ר אַ יי נ י ק ט ע כחות זיך פ אַ ר אַ יי נ י ק ן און האָבן זיך נאָך נישט פ אַ ר אַ יי נ י ק ט. (זשאַלעוועט נישט, זשאַלעוועט נישט קיין פראַ־גע־צייכנס!)

און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער.

אַלזאָ, ווי מען זעט, פעלט נישט אויף וואָס צו פאַרווענדן דאָס אָרע־מע ביסל פראַגע־צייכנס, וואָס ליגן איינגעקאַרטשעט אין די זעצער־קאַס־טנס.

לאָמיך דעריבער רעזיגנירן פונעם געפּלאַנטן „קאָפּ“ און פּראָסט־פּשוט אָנרופן די דאָזיקע שורות מיטן געוועגלעכן נאָמען: אַ פעליעטאָן, יאָ — אַ פעליעטאָן!

זענען מיר שוין, הייסט עס, פאַרטיק מיטן נאָמען. אָבער וואָס ווי־טער? וו ע ג ן וו אָ ס דאַרף מען היינט שרייבן אַ פעליעטאָן אין אַ יידישער צייטונג. אָט דאָס איז די פראַגע!

מיין לעצטער פעליעטאָן אין דער וואַרשעווער יידישער פרעסע מיט

זעקס יאָר צוריק איז געווען... „א הספד נאָך היטלערן".

ווי איך דערמאָן זיך, האָט מען דעמאָלט אין רעדאַקציע שטאַרק גע־לאַכט פונעם פעליעטאָן; די זעצערס, געדענק איך, בעתן זעצן האָבן אויך שטאַרק געלאַכט פונעם פעליעטאָן, און ערשט איצט, נאָכן גרויסן יידישן חורבן, גיב איך זיך אָפּ א חשבון, פאַרוואָס מ'האָט אַזוי דעמאָלט גע־לאַכט...

איך שטעל מיר פאָר, אַז דאָס אמתע געלעכטער וואָלט ערשט געווען דעמאָלט, ווען דער פעליעטאָן פאַלט אַריין אין די לאַפּעס פון היטלערן גופא. ער וואָלט דאַן זיכער געפּלאַצט פון געלעכטער און מיר וואָלטן כאָטש איין־מאָל פאַר אַלעמאָל געוווסט קלאָר, אַז היטלער איז שוין טאַקע מער נישטאָ און ביי וואָסערע אומשטענדן ער האָט אויסגעהויכט זיין הינטישע נשמה.

אפשר, אַלזאָ, שרייבן איצט א הספד נאָכן היטלעריזם? אייגנטלעך האָט איר עס שוין ביי מיר געפּועלט, אָבער... ניין, איך האַלט זיך צוריק! זעענדיק ווי אונזערע פאַרבינדעטע, די אַמעריקאַנער און ענגלענדער, באַ־האַנדלען ווי דורך א „זיידן טיכעלע" די אומשולדיקע שעפּעלעך, די דייטשן, נעבעך, — וויל איך נישט ריזיקירן מיט א פעליעטאָן אויף אַזאַ טעמע.

כ'האָב מורא, אַז אין זעקס יאָר אַרום וועל איך ווידער זען, אַז כ'האָב געזאָגט צו פרי: „האָפּ!"

און ווידער די פראַגע: וועגן וואָס שרייבן?

אפשר באַשרייבן עפּיזאָדן, וואָס עס איז אונז, מיליטער־לייט, אויס־געקומען מיטצומאַכן אויף דער פראָנט־ליניע ערשט אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. אָט נעמט, למשל, אַזאַ פאַל:

ס'איז געווען אָנהייב מאַי 1945.

אונזער מיליטער האָט פאַרנומען א דייטשיש שטעטל בערך 15 קילאָ־מעטער הינטער בערלין. א גרופּע פּוילישע זעלנער און אָפיצירן איז אַריין איבערנעכטיקן אין א וווינונג, פון וועלכער די דייטשע באַלעבאַטים זענען ערשט מיט א שעה צוריק אַנטלאָפן, און אָט אין דער דאָזיקער דייטשישער וווינונג איז אין שלאָפצימער נעבן בעט געשטאַנען א נאַכט־שענקל, אינעם אָפענעם שופלאָד פונעם דאָזיקן נאַכט־שענקל האָב איך געפונען, צווישן צעוואָרפענע שאַכטלען מיט פּודער, קרעם, זייף, ליפּן־פּאָמאַדע „נור פיר דויטשע" און „נור פיר ווערמאַכט". — דאָרט האָב איך אויך געפונען

ליגן פאַריתומט אַ האַלב בלעטל קאַרטאָן, אויף וועלכן ס'איז געווען גע־דרוקט מיט אָריגינעלע יידישע אותיות די... עשרת הדברות. די ערשטע געבאָטן זענען געווען אויפן בלעטל האַלב אָפּגעריסן, און ווי אויף צו־להכעיס האָבן זיך דאָרט די געבאָטן אָנגעהויבן דווקא פון „לא תרצח"...

די נאַכט איז דעמאָלט גראָד שוין געווען אַ „שטילע". די לופט האָט שוין געשמעקט מיט קאַפּיטולאַציע. די „מוזיק" פון באָמבעס, גראַנאַטן, פּולעמיאָטן און אַרטילעריע איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ פּיאַניססימאָ־טאָן, און מ'האָט פאַרהעלטניסמעסיק גענקאַנט רואיק דורכשלאָפן די נאַכט; איך בין אָבער אין דער דאָזיקער נאַכט נישט געשלאָפן.

די פאַרבלאָנדזשעטע שמות פון די צעז געבאָטן אין דעם נאַכט־שענקל פון דער היטלעריסטישער „ספּיאַלניע" האָבן מיך נישט געלאָזט קיין אויג צומאַכן. עס האָט מיך אָן אויפהער געמאַטערט די פראַגע: ווי קומען די פּשוטע עשרת־הדברות צווישן די הייליקע אַרטיקלען „נור פיר דויטשע"? וואָס פאַראַ צוזאַמענהאַנג האָט דער פודער און די טואַלעטן־זייף צום „לא תרצח"?

סיידן... כ'ווייס... אפשר האָט טאַקע יאָ אַ צוזאַמענהאַנג דאָס שטיקל טואַלעטן־זייף מיט דעם דערמאָנטן האַלבן בלעטל. וואָרום אויב מענטש־פעטס איז געווען פאַר זיי דער רוי־שטאָף צו זייף, טאָ פאַרוואָסזשע זאָל דער „לא תרצח" נישט דינען אַלס עטיקעט?!

---

חבר זעצער! נישט שטענדיק איז אַ פעליעטאָניסט געשטימט צו שרייבן פעליעטאָנען. ווי איר זעט, בין איך נאָך נישט אין דער פאָרעם. אפשר — אַ צווייט מאָל.

דאָס, וואָס כ'האָב זיך דאָ אַראָפּגערעדט פון האַרצן, איז נישט מער ווי אַ פאַרטרויעלעכער שמועס פאַר אַ קליינעם ענגן קרייז.

אָבער צוריק געשמועסט: ווער איז איצט דאָ אונזער גאַנצע איבערגע־בליבענע יידישע משפחה, אויב נישט אַ קליינער, ענגער קרייז?

נו, מילא, פאַרעפנטלעכט־זשע עס פאַר דער משפחה. און אויב איר ווילט דווקא, רופט־זשע עס אָן: פעליעטאָן, יאָ — אַ פעליעטאָן!... (מיט דריי פּינטעלעך.)

אויפן פּראַנט, הינטער בערלין.
נאָך דער קאַפּיטולאַציע. מאַי, 1945.

# ווי זעט אויס דאָס „נייע" יידישע לעבן אין פוילן?

## אַ קורצער איבערבליק

מיינער אַ פריינט אין אויסלאַנד האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוו און מיך געבעטן, אַז כ'זאָל אים שילדערן בקיצור, ווי אַזוי עס האָט זיך „איינגעשטעלט" דאָס נאָך־מלחמהדיקע יידישע לעבן אין פוילן.

איך האָב אים צוליב־געטאָן און געגעבן אַן איבערבליק פון דער נייער יידישער ווירקלעכקייט. איך מיין, אַז כאָטש עס איז געשילדערט בקיצור, — באַקומט זיך אָבער דאָך אַ קלאָר בילד...

### וואָס טוען היינט יידן אין פוילן?

איין ייד — גיט אַן אַנאָנס אין צייטונג, אַז ער זוכט קרובים.

צוויי יידן — גרינדן אַ קינסטלערישן אַנסאַמבל און מאַכן אַ טעאַטער.

דריי יידן — עפענען זיך אויף אַ פּאַרטיי.

פיר יידן — פירן אַ צענטראַל־קאָמיטעט.

פינף יידן — שאַפן אַ קיבוץ.

זעקס יידן — דינגען זיך שותפות אַ צימער צום וווינען.

און די רעשט ביסעלע יידן וואַרטן אויף וויזעס...

### וועגן וואָס שמועסן היינט יידן אין פוילן?

די שמועסן גייען־צו אומגעפער אַזוי:

— וואָס הערט מען עפּעס ביי דיר?

— אַזוי! און ביי דיר?

— אזוי.

— און וואָס קלערסטו צו טאָן?

— כ׳ווייס אַליין נישט. כ׳האָב צוויי פּלענער: אָדער כ׳וועל טאָן אזוי, אָדער — אזוי. און דו וואָס קלערסט צו טאָן?

— אויך די אייגענע מעשה. לעולם סען איך טאָן אזוי אָדער אזוי, נאָר מען רעדט מיך אָפּ דערפון. און דעריבער האָב איך באַשלאָסן צו טאָן נישט אזוי און נישט אזוי, נאָר — אזוי. אזוי איז עס!

## ווי האַלט מיטן יידישן קולטור־לעבן?

עס האַלט גאַנץ גוט.
מ׳האַלט ביי ארויסגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל.
מ׳האַלט ביי שאַפן אַ פאַרלאַג.
מ׳האַלט ביי שאַפן אַ טעגלעכע צייטונג.
מ׳האַלט ביי דרייען אַ יידישן פילם.
מ׳האַלט ביים שאַפן אַ טעאַטער־סטודיע.
מ׳האַלט ביי נאָך אַ סך זאַכן. אָבער ביז מען וועט אויפהערן צו האַלטן און מ׳וועט אָנהייבן צו מאַכן, מוז מען האָבן געדולד.

## ווו איז דער גרעסטער יידישער ישוב אין פוילן?

דער גרעסטער יידישער ישוב געפינט זיך אין נידערשלעזיע. און אזוי ווי ס׳איז דאָרט אַ מאַנגל אין דירות, וווינען דערווייל די יידן גאַנצע טעג אין די קאָמיטעטן. און אזוי ווי ס׳איז נישטאָ קיין מעבל, — זיצן יידן אויף די טשעמאָדאַנען...

## וועגן פאַרטייאישן לעבן

דאָס פאַרטייאישע לעבן ביי יידן אין פוילן איז פאַרשידנפאַרביק: ווייס־בלאָ און רויט, אָבער פאָרן — פאָרן אַלע „אויף שוואַרץ".

געזאַמלט דורך טרעגן

## יידישע קאָמיטעטן אין פוילן

קאָמיטעטן זענען פאַראַן אַ סך. אויף יעדן פוילישן ייד קומט אויס פיר קאָמיטעטן. עס זענען פאַראַן שטאַטישע קאָמיטעטן, פּריוואַט־קאָמיטעטן און וואָיעוואָדישע קאָמיטעטן. דער אונטערשיד פון איין קאָמיטעט צום צווייטן איז אַזאַ: צום שטאַטישן קאָמיטעט האָבן טענות די יידן פון שטאָט, צו די פּריוואַט־קאָמיטעטן האָבן טענות יידן פון פּריוואַט און צום וואָיעוואָדישן קאָמיטעט האָבן טענות יידן פון דער גאַנצער וואָיעוואָדשאַפט. ס'איז אויך פאַראַן אַ צענטראַל־קאָמיטעט, אָבער צו אים קען מען נישט האָבן קיין טענות. און אויב מ'האָט יאָ טענות, — העלפט עס אויך נישט.

דער שליסל פון יעדן קאָמיטעט איז אַ צווישנפּאַרטייאישער. אָבער אַז עס קומט צו הילף, פאַרהאַקט זיך אַזוי די טיר, אַז עס העלפט נישט קיין שום שליסל.

די קאָמיטעטן דערהאַלטן אָפט פון אויסלאַנד טראַנספּאָרטן מיט מלבושים. די דאָזיקע טראַנספּאָרטן שטעלן צופרידן אַ ל ע פּאַרטייען.

אַז עס קומען־אָן מלבושים און עס איז נישטאָ קיין איין ר ע כ ט ע ר פּאַלטאָ, — איז דער „בונד" צופרידן.

אַז עס קומען־אָן בלויז ל י נ ק ע שיך, — זענען די ל י נ ק ע פּועלי־ציון צופרידן.

אַז עס קומען־אָן דאַמען־קליידלעך, וואָס זענען אַזוי גרויס ווי די טלית־קטנס, — זענען די רעליגיעזע יידן צופרידען.

אין יעדן קאָמיטעט איז פאַראַן אַ פּרעזעס און אַ וויצע־פּרעזעס. דער פּרעזעס טוט גאָרנישט, און דער וויצע־פּרעזעס — העלפט אים צו.

## דער קלימאַט אין פוילן

דער קלימאַט אין פוילן איז איצט אַ הייסער, און ווייל אַ ייד זיך אָפּקילן, גייט ער אין קאָמיטעט אַריין; ווייל אין קאָמיטעט איז אַ ק אַ ל־ט ע באַציאונג...

# יידן, זאָרגט נישט, מען זאָרגט שוין פאַר אייך!

דאָס אייז האָט געפּלאַצט!

ענדלעך האָט די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין אויסלאַנד זיך ארומ־געזען, אַז מען דארף עפּעס טאָן פאַרן רעשטל יידן אין פּוילן, מ׳מוז העלפן דער קליינער צאָל געראַטעוועטע ברידער און שוועסטער.

פון אַלע עקן וועלט, ווו עס איז נאָר פאַראַן אַ יידישער קיבוץ, האָט מען זיך מיט ברען אַ כאַפּ געטאָן צו דער ארבעט. עס קומען שוין אָן די ערשטע גרוסן פון דער ריזיקער אַקציע, וואָס גייט אין אויסלאַנד לטובת דעם פּוילישן יידנטום.

מיר ברענגען דאָ אַ בינטל ידיעות וועגן דער דאָזיקער אַקציע:

נ י ו ־ י אָ ר ק : דאָ איז פאַרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די טשענס־טאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן, ווו עס איז באַשלאָסן געוואָרן קומען צו הילף די לעבנגעבליבענע יידן אין טשענסטאָכאָוו. ס׳איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן ארויסצוגעבן אַן אַלמאַנאַך... וואָס וועט פאַראייביקן דעם חורבן טשענסטאָכאָוו.

ל אָ נ ד אָ ן : ס׳איז פאַרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון בענדינער און סאָסנאָוויצער לאַנדסמאַנשאַפטן וועגן העלפן די איבערגעבליבענע יידן פון בענדין און סאָסנאָוויץ. נאָך אַ הייסער דיסקוסיע איז באַשלאָסן געוואָרן ארויסצוגעבן אַ בראָשור.

נ י ו ־ י אָ ר ק : ס׳איז פאַרגעקומען אַ מיטינג פון די ביאַליסטאָ־קער יידן אין ניו־יאָרק, ווו עס איז ארומגערעדט געוואָרן דער גירוש־ביאַ־ליסטאָק אין 1942. מ׳האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ קלוב, ווו די ביאַליס־

טאָקער יידן אין ניו־יאָרק וועלן זיך קאָנען צוזאַמענקומען צוויי מאָל וועכנט־לעך און זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ.

ד ע ט ר אָ י ט : ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון די קראָ־קעווער לאַנדסמאַנשאַפטן. אַלע רעדנער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער טראַגעדיע פון די קראָקעווער יידן בשעת דער הערשאַפט פון שונא־ישראל פראַנק אין קראָקע.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַן אַלבום.

די לעבנגעבליבענע יידן אין קראָקע ווערן געבעטן צוצושיקן פאָטאָ־גראַפיעס.

מ אָ נ ט ר ע אַ ל : דאָ איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון מעזריטשער לאַנדסמאַנשאַפטן. ס׳איז ברייט אַרומגערעדט געוואָרן די פראַ־גע וועגן דרינגנדיקער הילף פאַר די געראַטעוועטע יידן פון מעזריטש. בשעת די רעדנער האָבן געשילדערט דעם פאַרלויף פון די דייטשישע אַקציעס אין מעזריטש, האָבן די פאַרזאַמלטע געוויינט ווי קליינע קינדער.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אין פּרינציפּ אַרויסצוגעבן אַ בוך, אָבער מען איז נאָך נישט געקומען צו קיין הסכם, צי דאָס בוך זאָל טראָגן דעם נאָמען „מעמוארן וועגן מעזריטש" אָדער — „זכרונות וועגן מעזריטש". ס׳איז דעריבער אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע.

פּ אַ ר י ז : דאָ איז גערופן געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכע פאַר־זאַמלונג פון שעדלעצער סאָסיעטע. אויף דער טאָג־אָרדענונג איז געשטאַנען די פראַגע וועגן שנעלער הילף פאַר די געראַטעוועטע יידן אין שעדלעץ.

ס׳איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטעלן אַ גרויס אייל־בילד ביי אַ קונסט־מאָלער. דאָס בילד, וואָס דאַרף סימבאָליזירן די מאַרטירעראָלאָ־גיע פון שעדלעצער יידנטום אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, וועט אויפגעהאָנגען ווערן ביים אַריינגאַנג פון שעדלעצער לאַנדסמאַנשאַפט־קלוב.

ב ו ע נ אָ ס א י י ר ע ס : די לובלינער יידן אין בוענאָס איירעס האָבן זיך אָרגאַניזירט מיטן צוועק צו העלפן די איבערגעבליבענע יידן אין לובלין.

נאָכן אַרומרעדן ברייט די פראַגע איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ טרויער־אָוונט מיט רעדעס.

ריאַ דע זשאַנעיראַ: אויף דער גראַנדיעזער קאָנפֿערענץ פֿון די קעלצער יידן אין ריאַ דע זשאַנעיראַ, וואָס איז גערופֿן געוואָרן מיטן צוועק צו ראַטעווען די ניצול־געוואָרענע יידן אין קעלץ, איז באַשלאָסן געוואָרן ארויסצוגעבן וואָס שנעלער אַ „פּנקס", וואָס וועט פֿאַראייביקן די בלוטיקע אָקופּאַציע־יאָרן פֿון די יידן אין קעלץ. אַלע לעבנגעבליבענע קעלצער יידן האָבן דאָס רעכט צוצושיקן עפּיזאָדן וועגן זייערע איבערלעבונגען אין די בלוטיקע טעג.

יאָהאַניסבורג: ס'איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ צו העלפֿן די ניצול־געוואָרענע יידן אין ראַדאָם.

קיין קאָנקרעטע באַשלוסן זענען נאָך נישטאָ, אָבער מען שמועסט, אַז עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ רעדאַקציע ארויסצוגעבן אַן איינמאָליקע אויסגאַבע אונטערן נאָמען „ראַדאָמער יידן, זאָרגט נישט, מיר וועלן אייך נישט פֿאַרגעסן!"

פֿילאַדעלפֿיע: דאָ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנגרעס פֿון די לאָדזשער לאַנדסמאַנשאַפֿטן וועגן אָרגאַניזירן אַ שנעלע הילפֿס־אַקציע פֿאַר די איבערגעבליבענע יידן אין לאָדזש.

מ'שמועסט, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צוצושיקן אַ מיטגעפֿיל־דעפּעשע צו די יידן אין לאָדזש. ס'קאָן זיין, אַז מען וועט אויך צושיקן אַן אויפֿרוף.

:: :: ::

אַלזאָ, ווי עס איז צו זען, זענען שוין פֿולשטענדיק פֿאַרזאָרגט די יידן אין לאָדזש, בענדין, סאָסנאָוויץ, קראָקע, טשענסטאָכאָוו, שעדלעץ, ראַדאָם, קעלץ, לובלין, ביאַליסטאָק און מעזריטש.

זאָלן די רעשטלעך יידן פֿון פּוילן זיך נישט נעמען צום הארצן, וואָס זייערע שטעט און שטעטלעך זענען נאָך נישט געקומען צו דער ריי.

מיר האָבן זיכערע ידיעות, אַז עס גרייטן זיך אויך קאָנפֿערענצן אין אַזעלכע שטעט אין אויסלאַנד, ווי: קאַפּשטאָט, מעלבורן, סידנעי, חיפה, תל־אביב, פּיטסבורג, וואשינגטאָן א. אנד.

און דעריבער, יידן, לעבעדיק, לעבעדיק, מיט די קעפּ ארויף!

# צו אייך, פריינט, באַמטע פון די קאָמיטעטן!

### אַ בינטל אָנווייזונגען

ביים אריינגאנג פון קאָמיטעט הענגט אָפּט אַ צעטל, אַז די אַמט־שעהן הייבן זיך אָן 8 אָדער 9 אַזייגער אינדערפרי. אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז פּונקט דעמאָלט דאַרף זיך אָנהייבן די אַרבעט. מאָלע וואָס עס שטייט אַלץ געשריבן. ס׳ברענט נישט. די אינטערעסאַנטן וועלן נישט אַנטלויפן.

אַז איר זעצט זיך ביים שרייב־טיש צו דער אַרבעט, דאַרפט איר זיך נישט אומקוקן אויף די אינטערעסאַנטן. די ערשטע זאַך איז נאָכקוקן די בלייטשטיפטן. און ממה־נפשך: זענען די בלייטשטיפטן נישט אויסגעשניצט, דאַרפט איר זיי שניצן; און טאָמער זענען זיי שוין יאָ אויסגעשניצט — שניצט נאָכאַמאָל. זאָל זיין אַ שאַרפערער שפּיץ. געדענקט, דער שפּיץ איז, אַז מ׳דאַרף זיך נישט צו איילן.

נאָכן צושפּיצן די בלייטשטיפטן הייסט אייך געבן אַ גלעזל טיי. אויפן ניכטערן מאָגן קאָנט איר דאָך נישט אָנהייבן אַרבעטן. צו דער טיי איז געוווּנטשן צו באַנוצן וואָס מער צוקער. אמת טאַקע, אַז „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס”, — אָבער דאָך צו צוקער קומט עס נישט. צוקער איז זיסער.

נאָך דער טיי איז נישט געזונט זיך גלייך צו נעמען צו דער אַרבעט. קוקט צוערשט גוט דורך די פּרעסע. אָן אַ צייטונג איז מען ווי אָן אַ האַנט. און אָן אַ האַנט איז שווער צו אַרבעטן.

אויב עס וואַרטן אויף אייך אינטערעסאַנטן, און זיי לאַנגווייליקן זיך,

— גיט זיי אויך א צייטונג. זשאלעוועט נישט קיין צייטונג. א צייטונג איז דאָך נישט קיין „אונררא״־ארטיקל...

די פּרעסע דאַרפט איר לייענען זייער אויפמערקזאם. איילט זיך נישט. געדענקט, אַז פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט ארויס.

נאָכן דורכלייענען די צייטונג דאַרפט איר זאָגן צו זיך: „מנע, מ׳דאַרף עפּעס טאָן!״; אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז איר דאַרפט טאַקע טאָן ווי איר זאָגט. א מענטש איז דאָך נישט מער ווי א מענטש. מאַלע מען כאַפּט זיך ארויס מיט א וואָרט.

נאָכן דורכקוקן די פּרעסע מאַכט נישט אויס, אַז די באַאַמטע זאָלן זיך קעגנזייטיק דורכשמועסן וועגן דעם, וואָס זיי האָבן געלייענט. זאָל יעדער ארויסזאָגן זיין מיינונג. אויב עמיצער האָט נישט ביי זיך קיין איי־גענע מיינונג, — מאַכט אויך נישט אויס.

נאָך דער טיי, נאָכן שניצן די בליישטיפטן, נאָכן לייענען די פּרעסע און נאָך דעם מיינונגס־אויסטויש, מאַכט נישט אויס אָנצוהייבן אויפנעמען אינטערעסאַנטן.

די ערשטע פראַגע אייערע צום קליענט דאַרף זיין: „ביטע, איר האָט עפּעס געוואָלט?״

אויב דער אינטערעסאַנט וויל אייך ענטפערן, רייסט אים איבער און לאָזט אים נישט ענדיקן. זאָגט אים:

איצט איז מיטאָג־צייט, קומט נאָכמיטאָג.

נאָכמיטאָג, ווען איר זייט זאַט און אביסל אויסגערוט, גייט שוין די ארבעט גאָר אַנדערש. איר זעצט דאַן פאָר אייער ארבעט מיט א טאָפּלטער ענערגיע.

און איצט, אַז איר טרעפט זיך צוזאַמען מיטן אינטערעסאַנט, דאַרפט איר אים ווי ווייט מעגלעך דערציען.

אָן א קלאַפּ אין טיר לאָזט קיינעם נישט אריין. און אויב מען קלאַפּט יאָ, דאַרפט איר אויך נישט גלייך אָפּענטפערן „פּראָשע!״, ווייל דאָס דע־מאָראַליזירט דעם אינטערעסאַנט. ער ווערט מיט אייך צו היימיש.

עס איז דעריבער געוואונטשן, אַז יעדער אינטערעסאַנט זאָל עטלעכע מאָל קלאַפּן אין טיר, ביז איר ענטפערט. אויב עס דענערווירט אייך שטאַרק דאָס קלאַפּן, קאָנט איר אינדערשטיל צו זיך זאָגן: „קאָפּ אָן דער וואַנט״.

אויב דער קליענט איז א נאכאל און קומט אריין, איידער איר גיט אן ענטפער, — זאָגט אים דאן מיט א פריילעך פנים „פראָשעו!" — זאָל ער זען, אז די באאמטע אין קאָמיטעט זענען העפלעך.

אז דער קליענט רעדט צו אייך, קוקט אים נישט אָן. האלט אראָפּ־געבויגן דעם קאָפּ, איינגעגראָבן אין אייערע אַקטן. זאָל דער אינטערעסאנט זען, אז איר האלט זיך נ י ד ע ר י ק.

אויב א קליענט פארלאנגט ביי אייך א קוויטל צו א דאָקטאָר, הייסט אים קומען מאָרגן. ערשטנס דערפאר, ווייל עס ברענט נישט, און צווייטנס — ביז מאָרגן, קאן זיין, וועט ער געזונט ווערן. איר וועט זיך דאן איינ־שפּאָרן ארבעט; און דער קליענט גופא וועט אויך צומאָרגנס אויך זיין צופרידן. ס'איז שוין אזא געוווינהייט ביי אלע קליענטן, אז זיי זענען צו־פרידן, ווען זיי זענען געזונט.

צו קליענטן, וואָס קומען נאָך שטיצע, דארף מען האָבן א ספּעציעלן צוגאנג.

אויב א קליענט, למשל, קלאָגט זיך, אז ס'איז אים קאַלט און ער וויל קוילן, — גיט אים א וו א ר ע ם וואָרט. א ווארעם וואָרט האָט א גרויסע באדייטונג, ווען אין דרויסן איז א פראָסט.

אויב אן אינטערעסאנט וויל א מלבוש, — קלערט אים אויף, אז א מלבוש איז נאָך נישט אלץ. דער עיקר — א מענטש זאָל מען זיין. גיט אים צו פארשטיין, אז קליידער מאכן נישט דעם מענטש, נאָר — א מענטש מאכט די קליידער.

אויב איר גיט עמיצן א מלבוש, ווינטשט אים אָן: „איר זאָלט אים גע־זונטערהייט צערייסן!" אויב דער מלבוש איז שוין צעריסן, דארפט איר אים שוין נישט ווינטשן. איר קאָנט אים דאן גלאט אזוי גראטולירן.

אויב אן אינטערעסאנט קלאָגט זיך, אז ער האָט נישט וווּ צו שלאָפן, כוזט איר עפּעס טאָן פאר אים. גיט אים א בילעט אויף א פארלעזונג.

אויב איר זייט מיד פון א גאנצן טאָג האָרעווען, איז נישט קיין אומגליק, אז איר וועט אהיימגיין א שעה פ ר י ע ר, און דערפאר קאָנט איר צומאָרגנס קומען א שעה ש פּ ע ט ע ר צו דער ארבעט.

# דעלעגאַטן פאָרן!... דעלעגאַטן קומען!...

ענדלעך האָט אַמעריקע געעפנט די טויערן!

פרייט זיך נישט. עס האנדלט זיך נישט וועגן אריינלאָזן אַ ה י ן עמיגראַנטן, נאָר עס האנדלט זיך וועגן... ארויסלאָזן פון דאָרט אַ ה ע ר צו אונז דעלעגאַטן.

עס פאָרן דעלעגאַטן, עס פליען דעלעגאַטן, עס שווימען דעלעגאַטן, עס קומען דעלעגאַטן!

מיר נעמען זיך איצט אָפּ כפל־כפלים פאַר דער גאַנצער צייט. ביז היינט האָט מען קיין דעלעגאַט נישט געזען אויף אַ רפואה, און איצט — הלוואי יווייטער נישט ערגער. ווו מען גיט זיך אַ קער — שפּרינגט ארוים אַ דע־לעגאַט!

און זאָלן מיר אונזערע חשובע דעלעגאַטן מוחל זיין, אויב כ'וועל אויסגעבן אַ סוד: אין די ערשטע טעג פונעם „דעלעגאַטן־סעזאָן" האָבן מיר זיך מיט יעדן דעלעגאַט אזוי געצאַצקעט, אַז מ'האָט פשוט נישט געוווסט, ווו אים אַוועקצוזעצן. און איצטער? — איצטער האָבן מיר זיך שוין אביסל צוגעוווינט צו דער מאָדע...

ביי די ערשטע צוזאַמענטרעפן האָט איר געפּלעגט זען אין זאַל, ווו מ'האָט אויפגענומען דעם דעלעגאַט, אַ גרויסן אויפשריפט מיט קידוש־לבנה־אותיות:

„דעם חשובן גאַסט — שלום עליכם!"

אביסל שפּעטער אָבער, ווען עס האָבן זיך אָפּטער גענומען באַווייזן

דעלעגאַטן, האָט מען אַביסל מאָדיפיצירט דעם אויפשריפט. וואָס עפּעס „דעם חשובן?" — אַ גאַסט איז אַ גאַסט... יעדער גאַסט איז חשוב!... האָט מען דעריבער באַשלאָסן אַראָפּצונעמען פונעם אויפשריפט די ערשטע שורה און ס'איז געבליבן:

„דעם גאַסט — שלום עליכם!"

און אַז ס'איז אַדורך נאָך אַביסל צייט און די פרעקווענץ פון די אָנגעקומענע דעלעגאַטן האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט, איז מען ביי אונז געוואָרן נאָך קליגער; וואָס עפּעס „דעם גאַסט — שלום עליכם?" ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מען מיינט „דעם גאַסט". ווען דען גיט מען שלום עליכם, מיר?

און — פונעם אויפשריפט איז נעלם געוואָרן דער „גאַסט" ווי אין וואַסער אַריין. נישטאָ דער גאַסט און שוין. ס'איז אַלזאָ בלויז איבערגעבליבן דער —

„שלום עליכם!"

און אויב איר ציט מיך ביי דער צונג, מוז איך אייך זאָגן: איך ציטער, אַז ביז די קומענדיקע דעלעגאַטן וועלן קומען, וועט דער „שלום עליכם" שוין אויך נישט זיין...

אָבער מען מוז מודה זיין, אַז די אַמעריקאַנער דעלעגאַטן, האָבן אונז אַריינגעבערענגט אַ שפּאָר ביסל פריש בלוט (וואָס דען האָט איר געמיינט — אַ שפּאָר ביסל דאָלאַרן?...) אין אונזער געזעלשאַפטלעכקייט. איך האָב בייגעוווינט אַ מיטינג, וו עס זענען אַרויסגעטראָטן עטלעכע אַמעריקאַנער דעלעגאַטן פאַר אַ גרויסן יידישן עולם.

ווען איינער פון די דעלעגאַטן האָט גערעדט, רופט זיך אָפּ איין ייד צום צווייטן:

— כ'וואָלט מיר געוווּנטשן אַזוי פיל טויזנטער זלאָטעס צו האָבן, וויפיל פוילישע יידן דער דאָזיקער דעלעגאַט וועט העלפן!

— וואָס, אַזוי פיל טויזנטערס? — רופט זיך אָפּ דער צווייטער —

כ׳וואָלט מיר געוואונטשן אַזוי פיל הונדערטערס, וואָלט אויך נישט שלעכט געווען!

— וואָס, אַזוי פיל הונדערטערס? — מישט זיך אַריין אַ דריטער ייד

-- ווען כ׳האָב אַזוי פיל איינציקע זלאָטעס, וואָלט איך אויך געווען אַ גאַנץ שיינער גביר!

דאָ ווערט שוין אויפגעקאָכט דער ערשטער ייד און שיסט אויס:

— פעטער, וואָס קאָנקורירט איר מיט אונז? וואָס מאַכט איר עפּעס קאַליע דעם פּרייז?... נעמט אייך אַ צ וו יי ט ן דעלעגאַט און ווינטשט אייך! וואָס עס פעלן אייך דעלעגאַטן!?

אָבער דאָס אַלץ איז נישט דאָס וועזנטלעכע, וואָס איך בין אויסן. איך קום דאָ איצט מיט אַ פּאַרטיקן פּלאַן.

עס האַנדלט זיך וועגן אַט־וואָס:

דעלעגאַטן קומען און וועלן נאָך קומען. און אַז עס קומען דעלעגאַטן, מאַכט מען צוזאַמענטרעפן, און אַז מען מאַכט צוזאַמענטרעפן, האַלט מען דאָך רעדעס. סיי פון חתנס צד און סיי פון כלהס צד, ס׳הייסט סיי מיר פון דאַנען און סיי — די געסט פון דאָרטן.

אָבער אַזוי ווי רעדעס מאַכן אָן קאָפּדרייעניש, מען מוז זיך צוגרייטן, מען מוז זיי אויסאַרבעטן און נישט תמיד געלינגען זיי — איז דערפאַר האָבן מיר באַשלאָסן צו געבן מ ו ס ט ע ר ן פ ו ן ר ע ד ע ס פאַר ביידע צדדים און דאָס וועט, גלויבן מיר, אַ סך פאַרגרינגערן ס׳לעבן סיי פון די באַגריסער און סיי פון די דעלעגאַטן.

די רעדעס דאַרף מען זיך אויסלערנען פון אויסנווייניק און מ׳דאַרף בלויז צוגעבן דאָס אָרט און דעם נאָמען און — פּטור אַן עסק!

פאַרשטייט זיך, אַז די רעדעס דאַרף מען האַלטן מיט דער געהעריקער דיקציע. ביי סענטימענטאַלע שטעלן דאַרף מען האָבן גרייט אַ טרער און אַ טאַשנטיכל צו ווישן די אויגן; ביי פּאַטעטישע שטעלן דאַרף מען האָבן גרייט אַ געביילטע פויסט. עס מאַכט אויך נישט אויס צו געבן אַ פעסטן זעץ אין טיש, וואָס פעסטער, אַלץ שטאַרקער דער איינדרוק.

אַלזאָ די רעדע־מוסטערן זעען אַזוי אויס.

## רעדע צו באַגריסן דעם גאַסט

— „אין נאָמען פון... (דאָ קומט די אינסטיטוציע, אין וועמענס נאָמען מען באַגריסט) האָב איך דעם גרויסן כבוד צו באַגריסן דעם חשובן גאַסט... (דאָ קומט דער נאָמען פון דעלעגאַט, וועלכן מען באַגריסט). ס'איז איבעריק פאַר אייך, ליבער עולם, צו דערמאָנען, ווער עס איז דער חשובער גאַסט, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר און וועמען ער רעפּרעזענטירט. ס'איז געווען בלויז צו זאָגן, אַז הלוואי וואָלטן מיר געהאַט אַ סך אַזעלכע, וואָלטן מיר אַנדערש אויסגעזען.

חשובער גאַסט! מיר ווילן אייך נישט דערציילן וועגן חורבן פון יידישן לעבן, די חורבות רעדן שוין אַליין. מיר ווילן אייך אָבער באַקענען מיט דעם, וואָס עס קומט ביי אונז איצט פאָר. מיר ווילן, אַז איר זאָלט זאָגן אונזערע ברידער און שוועסטער אין... (דאָ דאַרף מען צושטעלן דאָס וואָרט „ניו־יאָרק", „פילאַדעלפיע" אָדער „קאַנאַדע"), אַז ביי אונז גייט דאָס לעבן ווייטער! מיר בויען און מיר וועלן בויען! איבעריקנס, איר זענט אַ מענטש מיט אָפענע אויגן. מיר קענען דאָך אייך נישט פון היינט און נישט פון נעכטן, און איר וועט אַליין זען, וואָס עס טוט זיך ביי אונז. זאָל לעבן אונזער גאַסט (דאָ קומט דער נאָמען). כ'האָב געענדיקט!"

אויב עס געפינען זיך אויפן צוזאַמענטרעף נאָך עטלעכע דעלעגאַטן, דאַרף מען האַלטן די זעלבע רעדע נאָך עטלעכע מאָל, אָבער ביי יעדער רעדע מוז דער נאָמען פון דעלעגאַט געענדערט ווערן.

## רעדע פון דעלעגאַט צום עולם

ברידער און שוועסטער!

מיר ברענגען אייך אַ גרוס פון יענער זייט אָקעאַן, פון... (דאָ דאַרף מען אַריינשטעלן ס'וואָרט „ניו־יאָרק", „פילאַדעלפיע" אָדער „קאַנאַדע"). מיר דאַנקען האַרציק דעם טשערמאַן פון... (דאָ קומט דער נאָמען פון אונזער אינסטיטוציע), וועלכער האָט אָרגאַנזירט דעם היינטיקן אָוונט. אמת, מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט מיט אונזער שליחות, אָבער אונזערע הערצער זענען כסדר געווען מיט אייך (דאָ דאַרף זיך ביים רעדנער באַווייזן אַ

טרער אין איין אויג). מיר האָבן געזען דעם חורבן פּוילן (דאָ דאַרף זיך באַווייזן אַ טרער אין צווייטן אויג), מיר זענען געקראָכן אויף די חורבות פון געטאָ (דאָ דאַרפן שוין רינען טרערן פון די אויגן און ס'טיכל דאַרף גענומען ווערן אין דער ארבעט), מיר האָבן פייערלעך באַשלאָסן אייך צו העלפן אַזוי, אַז איר זאָלט מאַכן אַ לעבן און ס'פּוילישע יידנטום זאָל ווידער זיין אַל־רייט (דאָ קומט אַ זעץ מיט דער פויסט אין טיש).

ליבע פריינט! קוקט נישט אויף מיר ווי אויף אַ רייכן אַמעריקאַנער פעטער, און מיינט נישט, אַז איך בין ווערט מיליאָנען דאָלאַרן. ביי אונז אין... („ניו־יאָרק", „פילאַדעלפיע" אָדער „קאַנאַדע") אַרבעט מען שווער אויפן דאָלאַר, אָבער דאָך זאָגן מיר אייך צו... (דאָ קומט אַ צעטל פון צוזאָגעכצן).

זייט זיכער, אַז דאָס איז נישט גערעדט סתם אין דער וועלט אַריין, וואָרום אַז אַן אַמעריקאַנער זאָגט צו — זאָגט ער!...

(אויב דער רעדנער האָט נאָך אַ צוזאַמענטרעף מיט אַן אינסטיטוציע אין זעלבן אָוונט, גייט ער אַהין און האַלט דאָרט ווידער די רעדע פונעם זעלבן מוסטער, דערביי מוז דער נאָמען פון דער אינסטיטוציע ווערן געענדערט. די צוזאָגן קאָנען בלייבן די זעלבע.)

:: :: ::

עד כאן — פעליעטאָן. און איצט עטלעכע ערנסטע ווערטער. זאָלן די חשובע פריינט דעלעגאַטן נישט האָבן קיין פּאַראיבל אויף מיין פעליעטאָן. אַ פעליעטאָניסט, ווייסט איר דאָך, בלייבט שטענדיק אַ פעליעטאָניסט. איבעריקנס, נישט אַלץ איז דאָ אויטענטיש. פאַראַן דאָ אַ גוטע פינף פּראָצענט פאַנטאַזיע...

# אַ האַלבע שעה אין האָטעל־צימער בײַ אַמעריקאַנער דעלעגאַטן

זענען געקומען צו פאָרן דריי דעלעגאַטן פון אמעריקע.
האָבן זיי מיך אײַנגעלאַדן צו זיך אין האָטעל־צימער אויף אַ שמועס. האָב איך, ווי אַ וואַרשעווער בן וואַרשעווער, אָנגענומען די אײַנלאַדונג.

כ'האָב געזאָגט „אָל־רײַט", האָבן זיי געענטפערט „אָ קעי", האָב איך געגעבן אַ זאָג „יעס", האָבן זיי מיר אָפּגעענטפערט „שור", האָב איך פאַר־ענדיקט מיט „פּליז" און — כ'בין אַרויף צו זיי אין האָטעל אַרײַן.

בין איך בײַ די דעלעגאַטן געזעסן אַ האַלבע שעה, אָבער צו קיין שמועס איז נישט דערגאַנגען. די טיר פון האָטעל־צימער האָט נישט גערוט. ס'גאַנצע ביסל אָפּגעראַטעוועטע יידן, וועלכע וווינען איצט אין לאָדזש, זענען געקומען צו די דעלעגאַטן מיט בריוו, מיט אָנפראַגן, מיט פאַרשלאָגן, מיט ביטעס און מיט פּרעטענזיעס. די דעלעגאַטן זענען געוואָרן אין פלען דורך די מחנות אינטערעסאַנטן. יעדן דעלעגאַט האָט אַן אַנדער קרענצל אַרומגערינגלט אַזוי, אַז מ'האָט קוים אַרויסגעזען אַ שפּיץ דעלע־גאַט. אפשר פינף פּראָצענט דעלעגאַט, אויב נישט — נאָך ווייניקער.

און איך? — איך האָב דערווײַל אויפגעכאַפּט עטלעכע געשפּרעך־סטענאָגראַמעס צווישן אינטערעסאַנטן מיט די דעלעגאַטן...

:: :: ::

אינטערעסאַנט נומער איינס:
— איר זענט אַ דעלעגאַט?

— יאָ...
— פון אַמעריקע?
— יעס, פון אַמעריקע. מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?
— כ'האָב אַ בריוו פאַר אייך.
— פאַר מיר?
— ניין, נישט פאַר אייך, נאָר — פאַר מיין פעטער אין אַמעריקע.
— ביטע, איר קאָנט אים איבערלאָזן.
ס'גייט מיר נישט בלויז אין בריוו. כ'וויל, איר זאָלט אים נאָך צו־געבן אַ פאָר ווערטער אויך.
— וואָסערע ווערטער?
— דריי ווערטער: „כ'לאָז אים גריסן".
— קאָנט איר עס דאָך אַריינשרייבן אין בריוו.
— כ'האָב טאַקע אַריינגעשריבן, אָבער אחוץ דעם וואָלט איך גע־וואָלט, איר זאָלט עס אים זאָגן אויך. אַ מינדלעכער גרוס, איז פאָרט שטאַרקער!
— ניין, מיין פריינט, מינדלעכע גריסן קאָן איך נישט אָננעמען.
— אָבער נאָר דריי ווערטער!
— כ'קאָן נישט.
— זאָל זיין צוויי ווערטער: כ'לאָז גריסן.
— ליידער.
— נו, שוין כאָטש איין וואָרט: „אַ גרוס".
— קיין האַלב וואָרט אויך נישט. כ'קאָן נישט צוזאָגן.
— פאַרוואָס קאָנט איר נישט צוזאָגן? אַזוי שווער איז אַ גרוס איבערצוגעבן? ס'איז באַגאַזש? כ'פּאַק איין דעם גרוס אין אַ פּעקל? אין אַ טשעמאָדאַן? וויפל וועגט דען אַזאַ פּיטשעדיק גריסעלע פאַר אַ פעטער?
— ס'האַנדלט זיך נישט, ליבער פריינט, אין דער וואָג; ס'האַנדלט זיך דערין, אַז כ'וועל פאַרגעסן.
— אַזוי? טאָ גיט־זשע מיר צוריק דעם בריוו אויך. אַז איר קאָנט פאַרגעסן אַ ג ר ו ס, וועט איר דעם ב ר י ו ו אוודאי פאַרגעסן.
— נאָט אייך צוריק דעם בריוו.

— גוט, כ'נעם צוריק דעם בריוו; אָבער אַזוי טוט אַ דעלעגאַט? מ'גיט אים אַ בריוו, וויל ער נישט נעמען?

— כ'וויל יאָ נעמען. גיט אַהער!

— נאָט אייך, אָבער כ'זע שוין, אַז דער בריוו איז איינגעשטעלט.

— ווו איז דער אַדרעס? דעם בלויזן נאָמען גיט איר?

— נו, יאָ. ווער האָט אַן אַדרעס? ווען כ'זאָל האָבן אַן אַדרעס, וואָלט איך דאָך נישט געשיקט דורך אייך, נאָר דורך לופט־פּאָסט. כ'ווייס בלויז, אַז מיין פעטער הייסט זעליק גוטהערץ און ער וווינט אין אַמע־ריקע שוין 42 יאָר. מ'האָט אים גערופן „דער שוואַרצער זעליקל", ווייל ער איז געווען אַ געלער.

— מיין ליבער ייד, אָן אַן אַדרעס איז שווער צו געפינען. אַמעריקע איז גרויס.

— אַ שיינעם דאַנק פאַר די נייעס. איר אַנטדעקט מיר איצט אַמע־ריקע! כ'ווייס אַליין, אַז אַמעריקע איז גרויס.

— און געלע זענען אויך פאַראַן אַ סך. סיידן כ'זאָל צוזאַמענרופן אַלע געלע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און כ'זאָל פרעגן, ווער ס'איז אייער פעטער!

— וואָסערע פאַראייניקטע שטאַטן, שטאַטן ווידער? מיין פעטער איז אין זיד־אַמעריקע!

— און איך בין פון נאָרד־אַמעריקע, ניו־יאָרק.

— נו, שוין, שוין, שוין! גיט מיר, זייט מוחל, צוריק דעם בריוו. כ'זע דאָך, אַז איר ווילט זיך אַרויסדרייען, כ'וועל גיין צו אַ צווייטן דע־לעגאַט. ס'פעלן נישט ברוך השם קיין דעלעגאַטן! האָט מיר אַ גוטן שליט־וועגס!

:: :: ::

אַן עלטערע פרוי, אַ רעפּאַטריאַנטקע, שטופּט זיך צו איינעם פון די דעלעגאַטן:

— כ'האָב אייך געוואָלט זאָגן, פאַניע דעלעגאַט, אַז כ'בין שוין דאָ דעם דריטן חודש.

— נו?

— וואס „נו"? דעם דריטן חודש און קיין פעקל נאך נישט דער־האלטן.

— פון וועמען האט איר געזאָלט דערהאלטן?

— פון מיינע שוועסטערקינדער אין קאנאדע.

— זיי האבן אייך געשיקט פעקלעך און איר האט זיי נישט באַקו־מען?

— אז מען שיקט, באַקומט מען! די גאַנצע זאַך איז, וואס זיי האבן נ י ש ט געשיקט.

— נו, איז וואס זאל איך טאן?

— כ'וואלט געוואלט, איר זאלט זיך דורכשמועסן מיט זיי וועגן דעם. נאָר איינס בעט איך אייך: מיט בייזן גייט נישט מיט זיי. נאָר מיט גוטן. גיט זיי אָנצוהערן, אז עס פאַרדריסט מיך. זאָגט זיי, למשל, אזוי... איר האט מיך געזען און איך בין שטאַרק פאַרזאָרגט איבער זיי... זאָגט זיי, אויב זיי ווינטשן זיך, וועל איך זיי אַרויסשיקן א פעקל... זאָגט זיי, אויב זיי ווילן, וועל איך זיי אַראָפּנעמען צו מיר... זאָגט זיי, אז זיי זאלן צושיקן גענוי די דאַטעס מיט די נעמען מיט די פאָטאָגראַפיעס... זאָגט זיי... ניין, זאָגט זיי בעסער גאָרנישט! מוחל די טובות! אז זיי האבן נישט אליין קיין שכל, — דאַרף מען נישט. זייטס מיר געזונט! א גוטן!

:: :: ::

קומט־צו א יונגערמאַן.

— כ'האָב געוואלט רעדן מיט אייך א פּאָר געציילטע ווערטער, אָבער — אויג אויף אויג.

— איר זעט דאָך, וואס טוט זיך. כ'וועל דאָך נישט אַרויסבעטן דעם גאַנצן עולם צוליב אייך. רעדט, איר קאָנט דאָ אויך רעדן!

— איר פאַרשטייט, די מעשה איז אזאַ, שוין יאָרן ווי ס'ליגט ביי מיר א פינפער דאָלאַר. איז דאָך גוט, העט? טויג עס אָבער אויף כפּרות, ס'פינפערל איז צעפּליקט, ס'פעלט א שטיקל און די רעשט צעפאַלט מיר אויך אונטער די הענט.

— איז וואס־זשע ווילט איר?

— כ׳וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט מיר איינטוישן דאָס אַלטע פינ־פּערל אויף אַ ניי פינפּערל. דער נומער איז דאָ. נאַט אייך, זעט! אייך גייט דאָך נישט אין פּאַפּירל. אייך גייט דאָך אין נומער!

— אָל־רייט, כ׳וועל אייך אַרויסהעלפן. נאַט אייך אַן אַנדער פינ־פּערל און האַלט אייך אייערס. פּליז!

— אַ דאַנק. פּאַרט אַ יידיש האַרץ. מען האָט געזאָגט דעלעגאַטן זענען... און פונדעסטוועגן... אַ דאַנק. אַ גליקלעכע רייזע! אַדיע! יאָ, אַנטשולדיקט, נאָך אַ ווײַלינקע. אפשר וואָלט איר מיר פּאַרט געטוישט דעם צעריסענעם? כ׳וועל אייך נישט רעכענען טייער...

:: :: ::

מער האָב איך נישט נאָטירט.

צומאָרגנס האָב איך געטראָפן איינעם פון די דעלעגאַטן אויף דער גאַס. ער האָט זיך געקלאָגט פאַר מיר:

— וואָס איז די מעשה וואָס די פּראָשקעס, וואָס כ׳האָב געקויפט צו קאָפּ־ווייטיק ווירקן נישט. כ׳נעם און כ׳נעם און ס׳העלפט נישט.

# סודות פון חדר...

## (כמעט אַ טעאַטער־סצענקע)

די הויפּט־ראָלן פירן אויס:

אַ זעקל מעל, אַ שאַכטל קאָנסערוון, אַ שטיקל זייף, אַ פּעקל האָניק, אַ שטיוול, אַ װעסטל, אַ פּושקע קאָנדענסירטע מילך, אַ פּעקל שאָקאָלאַד, אַ רעקל, אַ פּאָר הויזן, אַ מאַגאַזינער, שטשורעס, מייז און אַנדערע סטאַטיסטן.

(די זאַך קומט פֿאָר אין פּראָדוקטן און מלבושים־מאַגאַזין פון אַ יידישן קאָמיטעט.)

:: :: ::

אַלע פּראָדוקטן און מלבושים זינגען אין כאָר:

„לאָמיר אַלע, אַלע אינאיינעם
די נויט־באַדערפטיקע מקבל־פּנים זיין,
די נויט־באַדערפטיקע מקבל..."

מ אַ ג אַ ז י נ ע ר (קומט אַריינצולויפן מיט כעס):
לאָבוזעס, איר וועט פאַרמאַכן די פּיסקעס, יאָ צי ניין?! וויפל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, איר זאָלט ליגן שטיל? קיינער דאַרף נישט הערן פון אייך! איך דערצייל אַלעמען, אַז איר זענט נישטאָ, און אַז דער מאַגאַזין איז ליידיק, און איר מאַכט גאָר אַ טומל, האַ?

ש אַ כ ט ל ק אָ נ ס ע ר וו ן: שוין! גענוג דאָ געלעגן אין מאַ־

גאזין! מיר ווילן ארויס פון דאנען! חברים, וואָס שווייגט איר?!

פ ע ק ל  ה אָ נ י ק : יאָ, כ׳וויל ארויס, איך שימל שוין פון ליגן דאָ!

ש ט י ק ל  ז י י ף : ...און א י ך  וועל איינגעשרומפּן פון טאָג־צו־טאָג! כ׳וועג שוין אַ העלפט, וויפל כ׳האָב געווויגן! די סובּאָטעס וועל איך דאָ קריגן ביי אייך! די צייטונגען שרייבן: ס׳איז דאָ זייף, זייף, זייף. און פון אַלעם לאָזט זיך אוים נאָר אַ זייפנבלאָז!

ז ע ק ל  מ ע ל : און מ י ך  צו וואָס האַלט איר דאָ? כ׳האָב שוין אַכט לעכער, האָב איך שוין! פאר וועמען בין איך אייגנטלעך באשטימט?

אַ  מ י י ז ל (מיט שטאָלץ): פאר אונז! פאר אונז!...

ש ט ש ו ר ע ם (אין כאָר): כאַ! כאַ! כאַ!...

ז ע ק ל  מ ע ל (מיט כעס): נעמט מיך ארויס פון דאנען! כ׳וויל נישט מער פוילן ביי אייך אין מאגאזין! מאכטס פון מיר לאָקשן! מאכטס פון מיר זעמל! מאכטס פון מיר חלות! מאכטס פון מיר וואָס איר ווילט, אָבער דאָ וויל איך מער נישט זיין!

אַ ל ע  צ ו ז א מ ע ן : נידער! נידער מיטן מאגאזינער!

מ אַ ג אַ ז י נ ע ר : ש..ש...ש! חברה, בארואיקט אייך! בונטעוועט זיך נישט! מיט בייזן וועט איר ביי מיר גאָרנישט אויפטאָן! אַז איר וועט מאכן דאָ דעמאָנסטראציעס, שיק איך אייך אַלע מאָרגן ארויס אויפן מארק!... און איר וועט געפּרווירן ווערן אויף דעם פּראָסט!

(מאַגאַזינער לויפט ארויס, פארהאַקט מיט כעס די טיר און הענגט אויף פון יענער זייט אַ שלאָס.)

ש ט י ק ל  ז י י ף : איר האָט געזען, חברים, ער איז שוין ווידער ארויס מיט פולע קעשענעס!... און וואָס שווייגסט ד ו  עפּעס, חברטע שאָקאָלאַד, דו רעדסט דאָך גאָרנישט קיין וואָרט?

פ ע ק ל  ש אָ ק אָ ל א ד : וואָס זאָל איך רעדן? איך לעב בשלום מיטן מאגאַזינער און מיט אַלע באאַמטע. זיי האָבן מיך זייער ליב און זיי פילן צו מיר אַ ספּעציעלע סימפּאַטיע...

פ ו ש ק ע  ק אָ נ ד ע נ ס י ר ט ע  מ י ל ך : אַ־וואָ, שטיי נישט אזוי אין גרויסן! מ י ך  האָבן זיי אויך נישט פיינט!.. זיי לעקן פון מיר די פינגער!

וועסטל: בר!... ס'איז מיר קאַלט. צו וואָס בין איך געקומען אַהער? כ'רייס פון מיר די פּאַדשעווקע, וואָס כ'האָב מיך געלאָזט צורעדן צו קומען קיין אייראָפּע! דאָרט, אין אַמעריקע בין איך דאָך געווען אַ לייט און דאָ וואָס בין איך? — אַ שמאַטע. דאָרט האָט מיך אַן אַל־רייט־ניק געטראָגן אויף אַ גראָבן בויך. אין איין קעשענע זענען געווען „האַרטע" און „ווייכע" דאָלאַרן, אין דער צווייטער קעשענע איז געווען אַ גאָלדענער זייגער. און איצט? — איצט בין איך צעקנייטשט און צעקנאָדערט, אָפּ־געריסן און אָפּגעשליסן. די קנעפּלעך זענען אָפּגעפּליקט, די קעשענעס מיט שטויב און קיינער וויל אויף מיר נישט קוקן.

רעקל: און מיך איז אויך נישטאָ וואָס מקנא צו זיין! ווען כ'בין אַרויסגעפאָרן פון ניו־יאָרק, בין איך געווען גאַנץ און איצטער בין איך מיט איין אַרבל. מ'האָט מיר דאָ יענע וואָך אויסגעטרענט אַן אַרבל און מען ווישט מיט אים די פּאָדלאָגע. אַ קלאָג צו מיינע פּאָר יאָר. ס'לעבן איז מיר פּאַרמיאוסט. ווען כ'וואָלט געהאַט אַ העננער הינטערן קראַגן, וואָלט איך זיך אויפגעהאַנגען!...

שוואַרצע הויזן: זאָג נאָר, חבר רעקל, אפשר וואָלטן מיר זיך משדך געווען? פון אונז וואָלט געווען אַ געפּאַסט פּאָר. דו האָסט נאָר איין אַרבל און איך האָב נאָר איין „גאַגעוויצע". אַ מייער פּאָרל!

אַ שטיוול: און אפשר האָט איר פאַר מיר עפּעס אַ שידוך? איך בין אַ שטיוול נומער 40. פון וואַשינגטאָן בין איך אַרויסגעפאָרן צו־זאַמען מיטן צווייטן שטיוול, מיט מיין פּאַרטנער. און ווען מ'האָט מיך אַריינגעלאָזן אין אויטאָ אוועקצופירן אין קאָמיטעט אַריין, איז מיין פּאַרט־נער מיר נעלם געוואָרן. איצטער בין איך איינזאַם און פאַרצווייפלט. ווער וועט מיך איצט נעמען? כ'האָב שוין געהאַט אַן אינוואַליד, איז ער אָבער אַ לינקער און איך בין אַ רעכטער און איך טויג נישט פאַר אים.

ברוינע הויזן: און מיר איז אויך פּאַרמיאוסט ס'לעבן. שוין 4 חדשים ווי כ'בין געקומען פון אַמעריקע און כ'ליג דאָ אין געהאַק־טע צרות... די מילבן מאַכן אויף מיר פאַרזאַמלונגען און באַנקעטן און מען פרעסט מיך אויף לעבעדיקערהייט. וואָלט איך נישט געווען אַזוי גע־לעבערט, וואָלט איך שוין געהאַנגען ערגעץ ביי אַ קאָמיטעט־מיטגליד אין שאַנק, אָבער מיט מיין אויסזען וואָס קאָן איך אויפטאָן? נישטאָ קיין בעלן.

אַלע באַטאַפּן מיר די קעשענעס, צי ס'ליגט נישט אַ פּאָר טאָלער. און אַז מען זעט, אַז כ'בין אַ קבצן, לאָזט מען מיך איבער. געוואַלד, געוואַלד, וואָס וועט זיין אונזער סוף?

שוואַרצע הויזן: איך זע יאָ, חברים, וואָס עס וועט זיין אונזער סוף. אַזוי ווי אונזער צענטראַל־קאָמיטעט האַלט ביי גרינדן אַ יידיש טעאַטער אין פּוילן, וועט מען דאָך אוודאי שטעלן דעם „דבוק" און אויפן „דבוק" איז דאָך דאָ אַ בעטלער־טאַנץ. — דעמאָלט וועט מען אונז, מלבושים, פאַרצוקערן. מ'וועט אונז דאַרפן און מ'וועט אונז זוכן מיט ליכט...

ברוינע הויזן: אָ! זעסטו, דאָס וואָלט נישט שלעכט געווען. אָבער ביז וואַנען זיי וועלן צונויפרופן זיצונגען און מ'עט מאַכן פּראָטאָקאָלן און מ'עט אָננעמען באַשלוסן, אַז מ'דאַרף שטעלן דעם „דבוק", וועלן מיר מלבושים שוין לאַנג זיין אַזוי געלעכערט און פאַרשימלט און אויפגעפרעסן, אַז אַפילו די בעטלער אינעם „דבוק" — וועלן נישט וועלן אין אונז טאַנצן...

אַלע מלבושים (אויפן קול): „מיר פאַרלאַנגען אַ יידיש טעאַטער"! „מיר ווילן דעם „דבוק"!

(עס עפנט זיך די טיר, עס קומט אַריין דער מאַגאַזינער.)

מאַגאַזינער (אויפגערעגט): וואָס טוט זיך דאָ צו אַלדע שוואַרץ יאָר?! איר וועט זיין שטיל, יאָ צי ניין? וואָס איז עפּעס אין מיטן דער נאַכט אַריין אין אייך אַ דבוק?

ס'איז שוין 3 אַזייגער ביינאַכט! שלאָפן גייטס! שלאָפן!

דער מאַגאַזינער פאַרלעשט דאָס ליכט. די פּראָדוקטן און די מלבושים שלאָפן איין. די מייז נעמען זיך צו דער אַרבעט. דער מאַגאַזינער — אויך. נאָר מען זעט נישט, וואָס ער טוט, ווייל ס'איז פינצטער...

# אַ בריוול פון המנען צום רעשטל יידן אין פוילן

ליבע, האַרצעדיקע יידן מיינע!

דעם דאָזיקן בריוו שרייבט צו אייך המן. אייער גוט־באַקאַנטער המן. דער זעלבער המן, לכבוד וועלכן איר גרעגערט יעדן פּורים, איר טופּעט מיט די פיס און מאַכט אים מיט דער בלאָטע צוגלייך. אַ יאָ, איר האָט מיך שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ יידן־פיינט, פאַר אַן אַנטיסעמיט?

אָבער איך גלויב, אַז איצט, נאָך די יאָרן 1939—1945, האָט איר זיך שוין איבערצייגט, אַז איך בין נישט געווען קיין המן, נאָר — אַ תכשיט, אַ דימענט, אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק. ערשט מיינע נאָכ־פאָלגער האָבן באַוויזן, וואָס אַזוינס עס הייסט אַן אמתער, אַן עכטער המן.

איך שרייב אייך איצט די דאָזיקע ווערטער, כדי אייך איבערצוצייגן, אַז איך בין אויף הונדערט פּראָצענט רעהאַביליטירט...

וואָס קאָנט איר אייננטלעך צו מיר האָבן?

מיינע רעפּרעסיע־מעטאָדן זענען דאָך געווען אַזוי פּרימיטיוו, אַזוי נאַאיוו, אַזוי נאַריש. נישט געווען ביי מיר קיין געטאָ, נישט געווען קיין געשטאַפּאָ, נישט קיין „לאַפּאַנקעס", נישט קיין אַקציעס, נישט קיין קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן און נישט קיין קרעמאַטאָריעס אַפילו.

אין מיין פּראָגראַם — ווייסט איר דאָך אויך — איז נישט געווען קיין מינדסטע שפּור וועגן ראַסנשאַנדע. יעדע איינציקע אסתר האָט גע־קאָנט אַריינקומען אויף אונדזערע בעלער און אונדזערע רעגירונגס־ראַטן. מ׳האָט זיך געקאָנט ווייל און מ׳האָט געקאָנט פלירטעווען פון הודו ביז כוש.

און וועגן אַרישע פּאַפּירן האָט מען אין מיין קאַדענץ אויך נישט גע־

ווסט. אסתר האָט געקאָנט הייסן פּראָסט פּשוט אסתר, און מרדכי הצדיק האָט נישט געדאַרפט איבערמאַכן דעם פּאַס אויף אַ קענקאַרטע מיטן נאָמען סטעפּאַן מיעטשקאָווסקי.

בכלל פאַרשטיי איך נישט, וואָסערע טענות איר קאָנט האָבן צו מיר.

נישטאָ וואָס צו שרייבן. נישטאָ וואָס צו דערציילן וועגן מיר. אין די צייטן פון מיין הערשאַפט האָט אפילו אַ היסטאָרישע קאָמיסיע נישט געהאַט וואָס צו פאַראייביקן וועגן מיר. נישט קיין וויכטיקע מעמוארן, נישט קיין רעפּאָרטאַזשן. נישט קיין בראָשורן. העכסטנס וואָלט זי געקאָנט אַרויסגעבן איין מ ג י ל ה. מער נישט.

און אָט אַזאַ איידעלן המן, ווי איך, האָט איר גענומען און פאַרמשפּט צום הענגען. און ווי גרויזאַם איז פאָרגעקומען דער משפּט איבער מיר! בליץ שנעל. אַ שנעל־געריכט האָט מען געמאַכט און כ'האָב צומאָל נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו זיצן כאָטש אַ יאָר־צוויי אויף דער באַשולדי־קונגס־באַנק ביי אַ וועלכן עס איז אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל און זיך אויסרוען די ביינער ווי, לאָמיר זאָגן, מיינע חשובע קאָלעגן אין נירנבערג.

מ'האָט מיר צומאָל נישט געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו נעמען אַ פּאָר ענגלענדער, וואָס זאָלן זיך אינטערעסירן מיט מיין גורל — וואָס זאָלן מיך פאַרטיידיקן. מ'האָט זיך איינס־צוויי מיט מיר אָפּגערעכנט, געפירט צו דער תליה און יעדעס יאָר פּראַוועט מען מיין יאָרצייט מיט פּורים־בעלער, מיט המן־טאַשן.

בקיצור, איך האַלט, אַז אייער שנאה צו מיר איז נישט נאָר אַ מיס־פאַרשטענדעניש, נאָר — אויך אַן אומגערעכטיקייט אין באַצוג צו מיר.

און ווייטער, מיינע ליבע האַרציקע יידן, קאָן איך אייך מעלדן, אַז עס גייט מיר נישט שלעכט. הלוואי אויף אַלע אויפגעהאַנגענע געזאָגט.

צוערשט, באַלד נאָך דער עקזעקוציע, האָב איך געמיינט, אַז די וועלט גייט מיר אונטער. כ'בין געווען שטאַרק אַפּאַטיש און ס'האָט זיך מיר גאָרנישט געגלוסט צו טאָן. כ'האָב זיך אָבער אַרומגעזען, אַז איך טו שלעכט. מ'טאָר נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. ווי זאָגט ס'ווערטל: „אַז כ'הענג שוין ביים קאָפּ, לאָמיך שוין הענגען ביי די פיס", און — כ'האָב פאַרקאַטשעט די הענט און זיך גענומען צו דער אַרבעט. און כ'קאָן זיך נישט באַקלאָגן. אַרבעט פעלט נישט. כ'באַקום אויך סובסידיעס פון

איַיסלאַנד. און מאָסלײ שטיצט מיך אונטער. מיר שרייבן זיך אָפּט אי־בער און איך באַקום פון אים פּעקלעך פון לאָנדאָן.

וואָס שייך די איבעריקע באַקאַנטע מיינע, וועלכע ווערן דערמאָנט אין דער מגילה, קאָן איך אייך איבערגעבן פאָלגנדיקע גרוסן:

ושתי האַלט זיך נאָך אַלץ נישט שלעכט. אין די לעצטע צייטן, אין די יאָרן פון דער אָקופּאַציע, איז זי געווען אַ פאָלקס־דויטשע. אָבער איצט האָט מען זי שוין רעהאַביליטירט.

אחשורוש האָט זיך געוואַלדיק פאַרעלטערט. ער האָט פאַרזעצט די קרוין און טרינקט כסדר בימבער.

ויזתא איז דער זעלבער ויזתא וואָס געווען. ער האַלט זיך פאַר אַ גרויסן פּאָליטיקער און ער זאָגט, אַז די ענגליש־אַמעריקאַנער קאָמיסיע וועט ברענגען די ישועה פאַר אייך יידן.

מיט דרך־ארץ — אייער איבערגעגעבענער

ה מ ן.

# אַ פלײשיקער פּעליטאָן

ביי די בהמות איז לעבעדיק און לוסטיק. זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ ריזיקן נצחון: רינדערן פלייש מעג מען עסן נאָר דריי טעג אין דער וואָך.

מילא, וואָס מענטשן זאָגן דערצו — איז נישט שווער צו טרעפן. אין די דריי טעג, וואָס מען טאָר נישט עסן קיין פלייש, עסן זיך מענטשן לע־בעדיקערהייט. אָבער אינטערעסאַנט איז, וואָס מען שמועסט וועגן דער דאָזיקער פראַגע אין די הויכע פענצטער, אין די בהמהשע קרייזן.

די בהמות שטייען היינט אין גרויסן. זיי גייען אַרום מיט אויפגע־הויבענע קעפּ. זיי בלאָזן פון זיך און לאָזן צו זיך נישט רעדן. און ווילט איר כאַפּן אין אַ פליישלאָזן טאָג מיט אַ בהמה אַן אינטערוויו, — וויל זי גאָרנישט קוקן אויף אייך, און זי ענטפערט: בע... מע...

אָבער פונדעסטוועגן מיט פּראָטעקציע קאָן מען ביי זיי אַלץ פועלן. ווארום, אַז פּראָטעקציע זאָל אויך נישט העלפן, דאַרף מען שוין זיין מער ווי אַ בהמה.

עס איז מיר דעריבער געלונגען אויסצוהערן עטלעכע וואָגיקע מיינונ־גען פון אַ ריי חשובע מיטגלידער פונעם בהמה־געזינדל. איינער אַ סטאַטעטשנער אָקס, אַזאַ אָקס, וואָס מען דערקענט באַלד לויטן בליק, אַז ער איז נישט פון די אויפגעקומענע מלחמה־אָקסן, נאָר דער טאַטע, דער זיידע און דער עלטער־זיידע זיינער זענען שוין געווען אָקסן, — אַזאַ אָקס האָט מיך אויפגענומען קאַלטבלוטיק און מיר דערקלערט, קוקנדיק אויף מיר פון אויבן אַראָפּ:

— וועד ס'איז שיין, אָבער מיר, בהמות, זענען קלוג! מ'דאַרף קאָנען אויסקעמפן זיך אַ פּאָזיציע אין לעבן, און דאָס וואָס אַ מענטש קאָן נישט

דערגרייכן, — דאָס קאָנען מיר, בהמות, יאָ דערגרייכן. ווי וואָלט געווען צו אונדז, בהמות, ווען מיר וואָלטן, חלילה־וחס, געווען מענטשן! אָט האָבן מיר זיך אויסגעקעמפט דריי פרייע טעג אין דער וואָך, קיינער שעכט אונדז נישט און קיינער טשעפּעט אונדז נישט. יידן האַלטן זיך דאָך פאַר חכמים, יאָ? און אונדז בהמות האַלטן אַלע פאַר בהמות, יאָ? טאָ פאַר־וואָס זשע זאָלן יידן נישט האָבן דריי טעג אין דער וואָך, אין וועלכע זיי זאָלן וויסן, אַז זיי האָבן רו! זיי זאָלן וויסן, אַז אין ד י און ד י טעג אין דער וואָך האָט מען מנוחה. מען קאָן פאָרן און גיין און רייטן. און מ'דאַרף אַפילו נישט דעמאָלט באַנוצן די אַרישע פּאַפּירן, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן פון דער אָקופּאַציע־צייט! פאַרוואָס זאָלן...

כ'האָב איבערגעריסן דעם געשפּרעך. דער דאָזיקער אָקס, מיט זיינע לאָגישע, גאָרנישט־אָקסישע אַרגומענטן, האָט ביי מיר אָפּגענומען ס'לשון...

אַ צווייטער אָקס האָט מיך אויך אויפגענומען זייער קאַלט און מיר באַפעלעריש געזאָגט:

— כ'בעט אייך, מאַכט עס בקיצור.

כ'האָב נישט היינט קיין קאָפּ פאַר אייך. מאָרגן פאַרמיטאָג קאָנען מיר זיך זען אין שעכט־הויז, אָדער נאָכמיטאָג — אין יאַטקע.

א י ך : וואָס זייט איר עפּעס אַזוי...

אָ ק ס : איך בין אַזוי, ווייל כ'בין נישט אַנדערש. כ'האָב שוין היינט דעם דריטן אינטערוויו. כ'בין שוין צוליב אייך אויס מענטש!

א י ך : אויס מ ע נ ט ש ? — אויס אָ ק ס, ווילט איר זאָגן?

אָ ק ס : ניין, טאַקע אויס מענטש! מיר אָקסן באַליידיקן זיך נישט, אויב מען פאַרגלייכט אונדז אָקסן צו מענטשן.

א י ך : פאַרוואָס?

אָ ק ס : כ'בעט אייך, פעטער, זייט נישט קיין בהמה. און בכלל וועל איך אייך בעטן, מעלקט מיך נישט. כ'בין נישט קיין קו, גייט צו מיין ווייב!

אַן אָקס — טראַכט איך מיר — בלייבט שטענדיק אַן אָקס. ער שיקט מיך אַליין צום ווייב.

איך בין געגאַנגען צו דער קו. כ'קאָן נישט זאָגן, אַז די קו זאָל מיך יאָ האָבן איבעריק גאַסטפריינטלעך אויפגענומען. די פאַראָרדענונג וועגן

די פלײשלאָזע טעג האָט יעדער בהמה געשלאָגן אין קאָפּ אַרײַן און אַלע האָבן זײ אַ מאַניע פֿון גרױסקײט.

— ס'איז מיר אַ װוּנדער — זאָגט צו מיר איראָניש די קו — װאָס איר װײסט נאָך נישט, אַז מיר האָבן ד ר ײ טעג אין דער װאָך פֿרײ. אַלע בהמות װײסן עס דאָך שױן! איצט האָבן מיר, בהמות, שױן אַביסל צײַט זיך צו אינטערעסירן מיט אַלע װיכטיקע געשעענישן. מיר װײסן שױן אַפֿילו, אַז ײדן בײ אונדז אין לאָדזש כאַפּן ערב־פּסח קינדער צו האָבן בלוט צו מצות. מיר בהמות גלױבן שטאַרק דערין. און װאָס זאָגט איר דערצו?

איך זאָג אױך דאָס זעלבע. ײדן זענען שױן פֿון דור־דורות בטבע כ אַ פּ ע ר ס. אַ ײד כ אַ פּ ט אַן עין־הרע, אַ ײד כ אַ פּ ט אַ גמילת־חסד, אַ ײד כ אַ פּ ט קלעפּ און בכלל איז שױן בײ יעדן ײד אַזױ, אַז װאָס ער כ אַ פּ ט נישט אַרײַן, — האָט ער נישט!

— בראַװאָ! — האָט די קו מיר אַ קאָפּע־געטאָן מיטן פּוס אַלס אַ צײכן פֿון אַנערקענונג, און איז אַרײַן אין שטאַל כאַפּן אַ דרימל נאָכן עסן.

כ'האָב דאָן באַשלאָסן זיך צו באַקענען מיט די שטימונגען צװישן די בהמות פֿון דער ײנגערער גענעראַציע — די קעלבלעך.

ס'ערשטע קעלבל האָט מיך באַגעגנט מיט אַ פּזמון גאַרנישט װי קײן קעלבל:

— הײַנט איז בײ מיר מיטװאָך. הײַנט נעם איך נישט אָן. און כ'װיל בכלל נישט, איר זאָלט מיט מיר רעדן. װאָרום הײַנט רעדט איר מכלומרשט מיט מיר גוט און װיל אָון מאָרגן װעט איר מיר עסן די לעבער מײַנע און אַרײַנפּאַלן אין אַ קעלבערנער התפּעלות?! גײט געזונ־טערהײט!

כ'בין אַװעק אין רעדאַקציע. כ'האָב צוזאַמענגענומען ס'גאַנצע בהמה־שע מאַטעריאַל און אָנגעשריבן אַ פעליעטאָן.

נו, װאָס בהמות האָבן דערלעבט!...

# צירקולאַר נומער איינס

צוליב מיינע אַפּטע פּעליעטאָן־אַטאַקעס און צוליב מיינע כּסדרדיקע הומאָריסטישע אָנגריפן אויף די קאָמיטעט־באַאַמטע בכלל און אויף די קאָמיטעט־מאַגאַזינערן בפרט, — האָב איך מיר איינגעקויפט שונאים.

און אויב איר וועט נעמען אין באַטראַכט, אַז יעדער פינפטער ייד אין פּוילן איז היינט אַ קאָמיטעט־מיטאַרבעטער, קאָנט איר זיך שוין פאַר־שטעלן, וויפל שונאים איך האָב.

און שונאים האָב איך פאַרשידענע קאַטעגאָריעס. היציקע שונאים און קאַלטע שונאים. עס איז אָפּהענגיק פון טעמפּעראַמענט.

די ווייניקער היציקע שונאים מיינע זאָגן אויף מיר אַזוי:

— כ'ווינטש אים נישט קיין שלעכטס, נאָר כ'וואָלט בלויז געוואָלט, אַז ער (דאָס מיינט מען מיך) זאָל אַרבעטן כאָטש אַ וואָך צייט אויף מ י י ן אָרט אין קאָמיטעט, וואָלט ער שוין דעמאָלט אַנדערש געטראַכט וועגן אונז!

אַן אַנדער קאַטעגאָריע האָב איך, וואָס דראָען:

— זאָל ער נאָר (דאָס מיינט מען מיך) אַריינפאַלן צו מיר אין קאָ־מיטעט מיט אַן אַסיגנאַציע אויף מלבושים אָדער פּראָדוקטן, וועל איך מיך אַן אים אַזוי נוקם זיין, אַז ער וועט מיך האָבן צו געדענקען. כ'וועל אים אַריינרוקן צוויי לינקע שיך ווי די פּריצים! און אַנשטאָט אַ פּעקל מילך־פּראָשעק, וועל איך זיך טועה זיין און אים מכבד זיין מיט אַ פּעקל ביעלידלע. פאַרלאָזט אייך אויף מיר.

אַנדערע מאַגאַזינערן זענען נאָך אַגרעסיווער אין באַצוג צו מיר און האָבן גענומען שיקן צו מיר זייערע ווייבער מיט דראָאונגען!

— געדענקט, אויב איר וועט נישט אויפהערן צו טשעפּען מיט אונ־זערע מענער, וועט איר האָבן מיט אונז צו טאָן!...

און נאָך אַ קאַטעגאָריע שונאים האָב איך, וואָס באַנוצן זיך מיט אַ גאָר אַנדער טאַקטיק, זיי גייען נישט מיט בייזן. זיי גייען מיט גוטן:

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף אונז באַאמטע? וואָס זענען מיר מאַגאַזינערן שולדיק, אַז מיר באַקומען פון אַמעריקע הויזן מיט איינ־ציקע „נאָגעוויצעס"?

וואָס זענען מיר שולדיק, אַז די אַמעריקאַנער הויזן האָבן לעבער דווקא אויף אַזעלכע ערטער, וואָס באַליידיקן די עפנטלעכע מאָראַל?

וואָס זענען מיר שולדיק, אַז אַמעריקע שיקט אונז צו פאַרטיילן שיך מיט גומענע זוילן און די אָפּצאַסן האַלטן זיך נישט אויף טשוועקעס. נאָר ווי האַלטן זיך אויף ניסים?

וואָס זענען מיר מאַגאַזינערן שולדיק, אַז אַמעריקע פאַרפּלייצט אונז מיט שאַכטעלעך צעמענט־קאָנסערוון און זיי, די אַמעריקאַנער יידן, ווילן אויף אַזאַ אופן צ ע מ ע נ ט י ר ן דאָס נייע יידישע לעבן אין פּוילן.

וואָס, וואָס זענען מיר שולדיק, אַדרבא?!

איר דאַרפט האָבן טענות צו אַמעריקע, און איר דאַרפט האָבן טענות נישט נאָר צו אַמעריקע, נאָר אויך צו אונזערע אינטערעסאַנטן.

פאַרוואָס פאַרלאַנגט מען, אַז מיר, קאָמיטעט־באַאמטע, זאָלן זיין כאַמע צדיקים און סאַמע מלאכים. פאַרוואָס שטעלט מען נישט קיין פאָ־דערונגען אויך די אינטערעסאַנטן אונזערע, די רעפּאַטריאַנטן?

און אָט די דאָזיקע קאַטעגאָריע שונאים מיינע האָבן מיך באַוויזן זיך אַביסל צו פאַרטראַכטן. אפשר זענען זיי טאַקע גערעכט?

ווארום ממה־נפשך: אויב מיר ווילן, אַז עס זאָל „קלאַפּן" ווי געהע־ריק אויף י ע נ ע ר זייט באַריערע פון קאָמיטעט, דאַרף מען זען, אַז אויף ד ע ר זייט באַריערע זאָל אויך אַלץ זיין אין אָרדענונג.

און דערפאַר האָב איך אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס נישט צו אַטאַ־קירן מער די קאָמיטעט־באַאמטע (ביז צום קומענדיקן פעליעטאָן מיינעם) און היינט זיך פאַרנעמען בלויז מיט די אינטערעסאַנטן, וואָס קומען צום קאָמיטעט.

איך האַלט, אַז עס וואָלט נישט געווען קרום, אַז מ'זאָל אָפּדרוקן ספּע־

ציעלע צירקולאַרן, פונאַנדערצוטיילן זיי צווישן די רעפּאַטריאַנטן און די רעפּאַטריאַנטן זאָלן זיך אויסלערנען דעם אינהאַלט פון אויסנווייניק.

איך, למשל, וואָלט פאָרגעלייגט אַזאַ אינהאַלט:

„געדענק, ברודער רעפּאַטריאַנט, אַז נישט דו אַליין ביסט געקומען צו־פאָרן. אחוץ דיר זענען נאָך אַנדערע רעפּאַטריאַנטן געקומען צופאָרן מיטן עשאַלאָן.

געדענק, ברודער רעפּאַטריאַנט, אַז איין מאַשיניסט אין לאָקאָמאָטיוו קאָן פירן אַ גאַנצן עשאַלאָן, אָבער איין באַאַמטער ביים פענצטערל איז נישט אימשטאַנד צו דערליידיקן מיטאַמאָל זיין גאַנצן עשאַלאָן.

געדענקט, ברידער רעפּאַטריאַנטן, אַז איר קומט אין קאָמיטעט אַריין, זענט איר נישט מחויב אַלע מיטאַמאָל צו רעדן. מ׳דאַרף רעדן גרופּנווייז. נאָכדעם ווי עס רעדט־אָפּ מיטאַמאָל די ערשטע גרופּע פון פופציק רעפּאַט־ריאַנטן, דאַרף זיך די צווייטע גרופּע פון פופציק רעפּאַטריאַנטן נעמען צו דער אַרבעט.

געדענק, ברודער רעפּאַטריאַנט, אוב דו באַקומסט, לויט דיין איינ־ען, צו־ווייניק פּראָדוקטן, דאַרפסטו נישט בקול־רם זידלען דעם באַאַמטן; ווארום ערשטנס וועט עס דיר נישט העלפן און צווייטנס, אונטערן אַקאָמ־פּאַניאַמענט פון זידלען איז שווער צו אַרבעטן. עס איז דעריבער געוווּנטשן, דו זאָלסט וואַרטן אויפן באַאַמטן, ווען ער גייט אויף מיטאָג, און אויף דער גאַס זידל אים אויס לויט דיינע כוחות. זידלען אויף דער גאַס מאַכט שטענדיק אַ בעסערן איינדרוק ווי זידלען אין קאָמיטעט.

געדענק, שוועסטער רעפּאַטריאַנטקע, אַז אויב דו באַקומסט אַ פּי־זשאַמע אין אַזאַ קאָליר, וואָס פּאַסט נישט צו דער קאָליר פון דיינע האָר, דאַרפסטו נישט ספּאַזמירן אין לאָקאַל פון קאָמיטעט, מ׳דאַרף אַריינגיין צו אַ שכן, אָפּספּאַזמירן און דערנאָך קומט מען צוריק אַריין.

געדענק, ברודער רעפּאַטריאַנט, אויב דו באַקומסט אַ פּאַלטאָ, וואָס איז נישט אויף דיין מאָס, רעג זיך נישט אויף. קוק נישט, צי ער איז לאַנג צי קורץ, גאַנץ אָדער צעריסן. ס׳איז גענוג בלויז, אַז עס זאָלן זיין פּלייצעס. אַז מ׳האָט פּ ל יי צ ע ס, — האָט מען שוין אַלץ!

זוכן אין די קעשענעס, דאַרפסטו נישט. מ׳האָט שוין פריער געזוכט...

געדענק אויך, ברודער רעפּאַטריאַנט, אַז אויב דו באַקומסט שיך, וואָס

זענען דיר ענג, — מאַך אַ שוויג. דערציייל נישט קיינעם. וואָרום קיינער וועסט סיי ווי נישט, ווען דער שוך קוועטשט. אויב די שיך זענען דיר גרויס און עס קאָנען אַריין נאָך אַ פּאָר פיס, — דאַרפסטו אוודאי וועגן דעם נישט דערציילן, ווייל מ׳קאָן דיר נאָך אַריינזעצן אַ שותף.

און דאָס וויכטיקסטע, וואָס איר דאַרפט געדענקען, ברידער רעפּאַט־ריאַנטן, איז דאָס, אַז די צונעטיילטע פּראָדוקטן און מלבושים איז נישט געוווּנטשן גלייך צו פאַרקויפן אין קאָרידאָר אָדער אויפן הויף — פון קאָ־מיטעט. איר דאַרפט באַשטעלן דעם קונה צו זיך אַהיים אין אייערע פּרי־וואַט־וווינונגען. אַ קונה דאַרף מען באַהאַנדלען אָרנטלעך, — וועט ער נאָכאַמאָל וועלן קומען צו אייך.

אָט דאָס איז דער צירקולאַר־פּראָיעקט, וואָס איך לייג פאָר.

איך מיין, אַז אַדאַנק מיין הייגטיקן פּעליעטאָן וועט זיך די צאָל שונאים מיינע צווישן די קאָמיטעט־באַאַמטע פאַרקלענערן.

וואָס קומט אָבער אַרויס דערפון? איך האָב אָבער מורא, אַז כ׳וועל מיר איצט איינקויפן שונאים צווישן די רעפּאַטריאַנטן.

# צירקולאַר נומער צוויי

עס קומט מיר אָפּט אויס צו רעדן טעלעפאָניש פון לאָדזש מיט אונד־זערע קאָרעספּאָנדענטן אין נידער־שלעזיע.

לעצטנס קומט גאָרנישט ארויס פון די געשפּרעכן. מען הערט נישט.

ביי יעדן געשפּרעך פּרעגט זיך דער קאָרעספּאָנדענט:

— וואָס איז געשען דאָרט אין לאָדזש מיטן טעלעפאָן? מ׳הערט דאָך נישט קיין איין וואָרט! מ׳הערט בלויז געוואלדן, געשרייען, סקאנדאלן!

און איך פאַרענטפער זיך כסדר:

— ס׳איז גאָרנישט. א קליינִיקייט. אויפן הויף דאָ פון אונדזער רע־דאקציע, פון וואנען איך קלינג, געפינט זיך א פּונקט פון יידישן קאָמי־טעט, ווו מען רעגיסטרירט זיך און מען טיילט מלבושים פאר רעפּאַט־ריאנטן. און אז מען טיילט ד אָ, הערט מען אזש ד אָ ר ט אין נידער־שלעזיע!...

ווי אזוי דארפן זיך סוף כל סוף אויפפירן רעפּאַטריאנטן אין מאַ־גאזין, אז מ׳זאָל נישט הערן זייערע קולות אויף הונדערטער קילאָמעטער ווייט?

מיר האָבן שוין מיט א צייט צוריק געגעבן א בינטל אָנווייזונגען אין „צירקולאַר נומער איינס".

איצט, ווען די צאָל רעפּאַטריאַנטן פאַרגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג, איז געקומען די ריי אויפן „צירקולאַר נומער צוויי".

דאָס מאָל וועט דער צירקולאַר נישט געשריבן ווערן פּונקטנוויז. צו

**וואָס אויפגעבן פּונקט איינס, פּונקט צוויי, פּונקט דריי, אַז סיי ווי טוט יעדער איינער פּונקט קאַפּויער!**

:: :: ::

נאָר פונדעסטוועגן, הערט אייך צו, ברידער רעפּאַטריאַנטן:

אַז איר קומט אין מיטן דער נאַכט אין הויף פון קאָמיטעט, כדי זיך צו שטעלן אין דער ריי און זיך דערשלאָגן צו אַ פּאָר שיך, צו אַ סוועטער און צו סימבאָלישע הויזן, — איז אייער חוב זיך צו פאַרהאַלטן רואיק. באַהערשט זיך. מאַכטס נישט קיין קולות. איר האָט צייט אָנצוהייבן צו ליאַרמען, ווען עס הייבט אָן צו טאָגן. אויב איינער פונעם פאַרזאַמלטן עולם וויל אַריינזאָגן דעם צווייטן, — דאַרף ער עס מאַכן קולטורעל. שטיל. איינגעהאַלטן. מ׳דאַרף פאַרשטיין, אַז לאָקאַטאָרן האָבן אַ טבע אין מיטן דער נאַכט צו שלאָפן. און קוים ווילט איר זיך דווקא זידלען, — טאָ זידלט זיך שטילערהייט. רוימט־איין שטיל אין אויער: „חזיר!“, „מנוול!“, „אויסוואורף!“, „פּאַסקודניאַק!“ דערקלערט עס אים שטיל. דיסקרעט. דעליקאַט. קולטורעל. דערביי מאַכט אים אַ באַמערקונג, אַז איר לאָזט זיך איבער דאָס רעכט, גלייך אַזוי ווי עס וועט נאָר אָנהייבן צו טאָגן, אים נאָך אַ מאָל אַריינצוזאָגן די זעלבע זידל־ווערטער, אָבער דעמאָלט — שוין העכער, שטאַרקער, מיט דער גאַנצער פּראַכט פון אייער „אויבערצע“.

אַזוי ווי עס הייבט נאָר אָן צו שאַריען אויף טאָג, — קאָנט איר שוין אָנהייבן געוואַלדעווען און סקאַנדאַלעווען אין הויף. קוקט נישט, וואָס די הונדערטער לאָקאַטאָרן שלאָפן נאָך. אייער סוועטער האָט מער ווערט, ווי זייער ביסל שלאָף. שלאָף קאָן מען נישט פאַרקויפן, און אַ סוועטער — יאָ.

אויב עס עפנט זיך אַ פענצטער און איינער אין אַ פּיזשאַמע שרייט אַראָפּ: „פּאַנאָוויע, שרייטס אביסל שטילער. מענטשן שלאָפן!“ — דאַרפט איר דערויף גאָרנישט רעאַגירן. וואָס פאַר אַ זין האָט עס צו דיסקוטירן מיט אַ מענטש, וואָס רעדט פון שלאָף?

טאָמער עפנט זיך נאָך אַ פענצטערל און איר הערט אַ שטימע: פּאַ־

גאָוויע, איר וועקט מיר אויף די קינדער!" — זאָלט איר אויף אַזעלכע קינדערישע טענות אויך גאָרנישט ענטפערן.

טאָמער עפנט זיך אַ דריט פענצטער און עס שרייט איינער ארויס: „אויב איר וועט נישט אויפהערן צו סקאַנדאַלעווען, וועל איך אייך אָפּ-גיסן מיט אַן עמער וואַסער!" — דאַרפט איר דעמאָלט אוודאי נישט רעאַגירן. וואָרום אויב מען רעדט צו אייך מיט גוטן, דאַרפט איר יענעם נישט דערצערנען. קריגט אייך ווייטער און ענטפערט נישט.

קוים אָבער עפנט זיך אַ פערט פענצטער, אַ פינפט פענצטער, און דערצו נאָך אַ באַלקאָן, און דער גאַנצער הויף לאַקאַטאָרן האָט זיך אָרגאַניזירט קעגן אייך און אַלע שרייען: „לאָזט שלאָפן! לאָזט שלאָפן!" — דעמאָלט דאַרפט איר אוודאי און אוודאי נישט ענטפערן, וואָרום סיי ווי שלאָפט שוין קיינער נישט אין הויף.

און איצטער, אַז עס איז שוין שפעטער טאָג, — דאַרפט איר זיך שוין נישט שטערן און איר קאָנט ווייטער ליאַרמען און סקאַנדאַלעווען, וויפיל אייער האַרץ גלוסט. און שטופנדיק זיך אין דער ריי, קאָנט איר אַריינזאָגן איינער דעם צווייטן, וויפיל עס גייט נאָר אַריין. איינס מוז מען אָבער געדענקען: מ'דאַרף אַדורכקומען צווישן זיך מיט גוטן. מ'קאָן זיך געבן אַ שטופּ, אַ זעץ, אַ זבענק, אַ דזיאָך, אַ טערעבענץ; מ'קאָן זיך אונטערהאַקן אַ זייט, אַ לונג, ס'האַרץ, מ'קאָן זיך אויסהאַקן אַ צאָן, — אָבער אַלץ נאָר מיט גוטן. קולטורעל. די צייט וועט אויף אַזאַ אופן גיכער דורכלויפן. נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג, און איר וועט זיך דאָך סוף-כל-סוף דערשלאָגן צום מאַגאַזין. דער עיקר: קולטורעל.

:: :: ::

אָט אזוי לויטעט דער צירקולאַר נומער צוויי. מ'דאַרף אים ארויסהענגען אויפן הויף פון קאָמיטעט אויף אַזוי לאַנג, ביז עס וועט זיך באַווייזן „דער צירקולאַר נומער דריי".

מיר זענען נישט זיכער, צי דער צירקולאַר וועט פאַרבעסערן די אָרדענונג ביים פאַרטיילן. איינס זענען מיר אָבער יאָ זיכער, אַז פאַרערגערן וועט דאָס נישט, ווייל ע ר ג ע ר קאָן שוין נישט זיין.

# גוטע פריינט

ס'איז צוריקגעקומען פון ראטנפארבאנד מיינער א פריינט; א באַ־ליבטער, לאַדזשער יידישער אַקטיאָר.

די ערשטע פראַגע מיינע, ווען כ'האָב אים באַגעגנט, איז געווען:

— נו, ווו האָסטו זיך איינגעאָרדנט?

— דערווייל — ענטפערט ער מיר — נאָך נישט. אָבער, כ'האָב נישט קיין זאָרג. כ'וועל זיך איינאָרדענען, כ'וועל זיך איינאָרדענען! (דערביי האָט ער א מאַך־געטאָן מיט דער האַנט). יעדער דריטער לאָדזשער ייד קען דאָך מיך און יעדער צווייטער לאָדזשער ייד גייט פאַר מיר ביז אהער (דערביי האָט ער געוויזן מיט דער האַנט אויפן האַלדז).

— אין יידישן קאַמיטעט ביסטו שוין געווען?

— א שיינע שאלה, צי כ'בין געווען! ס'ערשטע אראָפּגייענדיק פון עשאַלאָן, האָב איך אריינגעפּלאַצט אין קאָמיטעט. מילא, די שמחה, וואָס מ'האָט מיט מיר דאָרט געהאַט, קאָנסטו זיך גאָר אַליין נישט פאָרשטעלן. „שמואליק אהער״ און שמואליק אהין!״ מ'האָט מיך נישט געהאַט ווו אוועקצוזעצן, — בין איך געשטאַנען. אַלע האָבן מיך ארומגערינגלט און איך בין געשטאַנען אין דער מיט און גאַסטראָלירט. כ'זאָג דיר, ס'האַרץ וואַקסט פּשוט, אז מ'זעט אזא הארציקע באַציאונג!

— און וואָס איז מיט א וווינונג?

— יאָ, כ'האָב טאַקע גערעדט דאָרט וועגן א וווינונג, — האָט מען מיך אויסגעלאַכט: „כ'האָב א וואַזשנע זאָרג מיט דיר!״ — האָבן זיי געזאָגט — „גיי, גיי, רעד בעסער נישט. ס'איז נישט דיין זאָך!״...

און דו מיינסט — זאָגט צו מיר ווייטער מיין פריינט דער אַקטיאָר,

— אַז בלויז אין קאַמיטעט האָב איך געהאַט אַזאַ האַרציקע אויפנאַמע? יעדער איינער, וועלכער טרעפט מיך, איז ס'געזונט און ס'לעבן. „וואָס מאַכסטו?", „וואָס טוסטו?", „ווו גייסטו?", „ביסט מיד פון וועג?"

— אוודאי, — זאָג איך, — בין איך מיד פון וועג. אפשר ווייסטו עפּעס פון אַ וווינונג?

— פאַר וועמען אַ וווינונג? — גלאָצט ער מיט די אויגן.

— פאַר מיר!

— פאַר ד י ר ? ! ביסט משוגע צי חסר דעה? כ'זאָל אַזוי האָבן אַ זאָרג מיט מ י ר, ווי כ'האָב אַ זאָרג מיט ד י ר ! זיי געזונט, שמואליק!

זעט מיך ווידער אַ באַקאַנטער, וועלכער פאָרט גראָד אין טראַמוויי, שפרינגט ער אַראָפּ אין מיטן פאָרן, לויפט צו מיר צו:

— זעט'ס נאָר, זעט'ס — שרייט ער אויף דער גאַס — ווער ס'איז דאָ! שמואליק איז דאָך דאָ, זאָלן מיר אַלע אַזוי!...

און מיין באַקאַנטער צעקושט זיך מיט מיר מיט אַזאַ פלייסיקייט און מיט אַזאַ ברען, פונקט ווי ער וואָלט געדאַרפט אין איין מינוט אָפּאַרבעטן דעם דעפיציט פון נישט קושן מיך אין משך פון די יאָר, וואָס מ'האָט זיך נישט געזען. נאָכן אָפּקושן מיך, ציט ער זיך אויפן טראָטואַר צוריק אויף אַ מעטער — צוויי, כדי צו האָבן אַ בעסערע פּערספּעקטיוו מיך צו אָבסערווירן, און זאָגט ווייטער מיט באַגייסטערונג:

— זעט'ס נאָר, זעט'ס נאָר, דורך די זיבן יאָר גאָרנישט צוגעוואַקסן. קום־אַריין, שמואליק, מ'עט טרינקען אַ גלאָז ביר! זיבן יאָר, זאָלן מיר ביידע אַזוי... אוי־וואַ, זיבן יאָר!...

— ביר — זאָג איך — וויל איך נישט. כ'האָב נאָר וואָס געטרונקען. אָבער אפשר ווייסטו בעסער וועגן אַ וווינונג פאַר מיר?

ער איז אַרוים מיט אַ געלעכטער אין מיטן גאַס, אַז אַלע דורכגייער האָבן שיער מיטגעלאַכט:

— שמואליק! גאָלדשטיינעק! האָסט שוין נישט פון וועמען אָפּצורלאַכן? נאָך אַלץ דער זעלבער קאָמיקער, זאָלן מיר ביידע אַזוי!... די מלחמה האָט אים גאָרנישט געענדערט!

— ניין — גיב איך אים צו פאַרשטיין — כ'מיין אַסור נישט קיין וויצן! כ'דאַרף אַ וווינונג!

— שוין! כ׳זעץ מיך גלייך אוועק ווײנען, אז דו דארפסט א ווײ־נונג! כ׳האָב א גרויסע זאָרג מיט דיר! גיב נאָר איין פּיפּס, אז דו ביסט דאָ, וועלן זיך פאַר דיר שיטן וווינונגען ווי באָבעס! אוי, שמדניק, ממזר! א מבין, זיבן יאָר זיך נישט געזען. זאָלן מיר אַלע אזוי, זיבן יאָר!...

זיצנדיק ביים טישל אין רעסטאָראַן, האָב איך אויפסניי געטראָפן באַקאַנטע מיינע, נאָך פון פאַר דער מלחמה.

מ׳האָט מיך אַרומגערינגלט און באַשאָטן מיט א ים קאָמפּלימענטן:

— „דער יונגאַטש האָט זיך גאָרנישט געענדערט!" „נישט עלטער געוואָרן אויף א האָר!" „א ביסל אויסגעמאָגערט פון דער רייזע, אָבער נישקשה, ער וועט ביי אונדז צוריק קריגן פּיסקעס!" „פאַרלאָז דיך, ס׳וועט אים נישט פעלן פון קיין פויגל־מילך!" „קינד און קייט קען דאָך אים!" „א מזל פון א יונג, ער איז געבוירן געוואָרן אין א זיידן העמדל!" „הלוואי וואָלט איך געוועזן אויף זיין אָרט, וואָלט איך שוין געוועזן אויסגעזאָרגט! לחיים, שמואליק! פאַר דיין געזונט!"

— לחיים, לחיים חברה! — ענטפער איך מיטן גלאָז אין דער לופטן

— און אפשר ווייסט איר עפּעס פון א וווינונג?

אַלע שיסן אוים מיט א געלעכטער.

— כאַ! כאַ! כאַ! אוי, מיינע ווייטן! א קאָמיק בלייבט א קאָמיק!

— כ׳מיין נישט קיין געלעכטער — פאַרענטפער איך זיך — כ׳דאַרף נישט קיין גרויסע וווינונג. אפשר ווייסט איר כאָטש פון א י י ן צימער!

— זעט׳ס נאָר, זעט׳ס נאָר — האָט זיך איינער אָנגערופן — און ער גיט נישט צומאָל קיין לאַך!... אַן ערנסט פּנים ווי ער וואָלט גערעדט סעריאָזנע!... איי, איי, איי... ער איז נאָך בעסער ווי ער איז געוועזן אמאָל!

— אָבער, פּאַנאָוויע, איך וויצל זיך נישט. כ׳דאַרף א דירה. אויב נישט א גאַנצע וווינונג, איז כאָטש איין צימער. און טאָמער ווייסט איר נישט פון א צימער — טאָ אפשר האָט איר כאָטש בלויז א ווינקל, וו׳ דעם קאָפּ אוועקצולייגן?

— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָבן אַלע ביים טישל גענומען אַפּלאָדירן!

— זאָג נאָך עפּעס, שמואליק, לאָמיר זיך ווײלן. זאָג עפּעס!

נו, גיי, „זאָג נאָך עפּעס", אז מ׳דאַרף האָבן א געלעגער!

האָב איך איבערגעלאָזט מיין געזעלשאַפט און בין אַרויס אויף דער גאַס.

:: :: ::

ס'איז אַדורך אַ וואָך צייט נאָך דער דאָזיקער באַגעגעניש.

נעכטן ביינאַכט, שוין געווען גוט שפּעט, האָב איך געטראָפן שמואליקן אַרומשפּאַצירן אויף דער גאַס. אחוץ אונדז ביידע, האָב איך קיינעם אויף דער גאַס נישט געזען.

— וואָס טוסטו — פרעג איך — אַזוי שפּעט אויף דער גאַס? גייסט מסתמא אויך פון עפּעס אַ שמחהלע, פון גוטע פריינט?

— ניין — זאָגט ער — כ'דריי מיך אַרום, כ'האָב נישט וווּ צו שלאָפן!

— טאָ וווּ־זשע גייסטו?

— אויסגעזאָרגט פאַר מיר! כ'גיי אין קאָליע־גאָרטן אויף אַ באַנק!

# אַרישע פּאַפּירן

**(אַ שפּאַס)**

זאָגט צו מיר אַ ייִד:

— איך גיי מיך דאָ נישט באַרימען פאַר אייך, אָבער כ׳וויל בלויז פעסטשטעלן אַ פאַקט, אַז אַלע פון מיין משפחה האָבן פון דור־דורות געהערט צום יידישן גלויבן און איך — אויך בתוכם. און ווי אַזוי קאָן עס דען זיין אַנדערש, אויב איך האָב געהייסן איטשע מענדל לעווקאָוויטש, דער טאַטע האָט געהייסן וואָלף בער און די מאַמע — העניע־גנענדל?

אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע, ווייסט איר דאָך, ווי מיר יידן האָבן אויסגעזען, האָב איך מיר איינגעשאַפט אַ קענקאַרטע און אַ קליין ביסעלע געענדערט די פּערסאָנאַליען, דהיינו: איך האָב מיר אַ נאָמען גע־געבן וואַלענטי פּרושקאָווסקי, דער טאַטע מיינער אַנשטאָט וואָלף בער — זביגניעוו, די מאַמע — קאַטאַזשינע און די רעליגיע, פאַרשטייט זיך, — רוימיש־קאַטויליש.

שפּעטער, אַז מ׳האָט געפּטרט היטלערן ימח־שמו, און ס׳לעבן האָט אָנגעהויבן צו גיין נאָרמאַל, און די פּאָר געציילטע יידן זיינען אַרויס פון די לעבער, האָט זיך מיר נישט געגלוסט צו פּאַטשקען מיט איבערדרייען אויפסניי די יוצרות און כ׳בין שוין געבליבן ביים אַלטן, ס׳הייסט — ביים פרישן. זאָל זיין וואַלענטי, זאָל זיין זביגניעוו, זאָל זיין קאַטאַזשינע, כ׳האָב קאָניש קאַלקולירט: אַ פּעקל אין יידישן קאָמיטעט קאָן איך אויך באַקו־מען אַלס וואַלענטי, מצות אויף פּסח קאָן וואַלענטי אויך קריגן, ביי דער פאָלקס־ציילונג קאָן איך דאָך אוודאי ווייטער הייסן וואַלענטי. אַי, וועט איר זאָגן, פאַרן אויפן אויטאָבוס? — **צוליב דעם לוינט זיך נישט צו** ענדערן דעם נאָמען, דאָ וועט נישט העלפן קיין „וואַלענטי" און דאָ וועט נישט העלפן קיין „איטשע־מענדל", דער „לעווקאָוויטש" ליגט מיר סיי־ווי אויפן פּנים...

און דערפאַר בין איך געבליבן ביים אַקופּאַציע־דאָקומענט און — פּטור אַן עסק, ויקרא שמו בישראל: וואַלענטי פּרושקאָווסקי!

איז דאָך אָבער באַשערט אונז יידן, אַז ס׳לעבן זאָל נישט גיין אַזוי גלאַטיק, מאַכט זיך אַזאַ מעשה. הערט:

כ׳האָב אויפגעזוכט מיינע צוויי גליד־שוועסטערקינדער אין ניו־יאָרק און מיטגעשיקט מיט אַן אַמעריקאַנער דעלעגאַט מיין אַדרעס און געבעטן, מ׳זאָל מיר אַרויסהעלפן.

באַקום איך אַ דעפּעשע, כ׳זאָל תיכף אַרויסשיקן מיינע פּערסאָנאַליען קיין ניו־יאָרק, ווייל זיי ווילן פאַר מיר אויסאַרבעטן אַן אַפּידייוויט. נעם איך און דעפּעשיר גלייך:

„וואַלענטי פּרושקאָווסקי, סטאָפּ. דער טאַטע — זביגניעוו, סטאָפּ. די מאַמע — קאַטאַזשינע, סטאָפּ. מיט גרוס: איטשע מענדל לעווקאָוויטש“.

דערויף באַקום איך אויפסניי אַ דעפּעשע:

„שיק אונז דערווייל בלויז דיינע פּערסאָנאַליען, וואַלענטיס פּערסאָנאַליען דאַרפן מיר נישט“.

פּויל איך זיך נישט און קלאַפּ גלייך אַוועק אַזאַ דעפּעשע:

„איך מעלד אייך, אַז וואַלענטי פּרושקאָווסקי איז ביי מיר טייער ווי איך אַליין. ער און איך זענען מיר איינס. עס קושט אייך וואַלענטי פּרושקאָווסקי“.

דערויף באַקום איך אַ טעלעגראַמע, אָט נאָט אייך, לייענט:

„דערהאַלטן וואַלענטי פּרושקאָווסקיס דעפּעשע, סטאָפּ. מיר האָבן אים אַרויסגעשיקט צוויי פּעקלעך און פופציק דאָלאַר, סטאָפּ. דאַנק פאַר די קושן, וואָס וואַלענטי שיקט, סטאָפּ. ליידער קאָנען מיר אים גאָרנישט מער העלפן. שיק צו טעלעגראַפיש ד י י נ ע פּערסאָנאַליען“.

נעם איך דעמאָלט ווידער און טעלעגראַפיר:

„אויב וואַלענטי פּרושקאָווסקי וועט פאָרן צו אייך, וועל איך שוין אויך דאָרט זיין“.

באַקום איך ווידער אַ טעלעגראַמע:

„אויסגעשלאָסן, סטאָפּ. עס לאָזט זיך גאָרנישט מאַכן, סטאָפּ. קודם מוזט דו קומען, סטאָפּ. אַז דו וועסט שוין דאָ זיין, וועט זיך אפשר לאָזן פאַר אים אויך עפּעס מאַכן, סטאָפּ. שיק דיינע פּערסאָנאַליען“.

לויף איך ווידער אויף דער פּאָסט און דעפּעשיר:

„מאַכטס אַן אַפּידייוויט פּרושקאָווסקי, סטאָפּ. פּערסאָנאַליען די זעלבע, וואָס כ׳האָב געשיקט, סטאָפּ. אַן אויספּירלעכער בריוו אין וועג, סטאָפּ. איטשע־מענדל לעווקאָוויטש".

דערויף איז מיר אָנגעקומען טעלעגראַפיש אַן ענטפער:

„קיין בריוו נישט באַקומען, סטאָפּ. מיר שרייבן באַזונדער צו פּרושקאָווסקין".

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אָנגעקומען אַזאַ בריוו צו פּרושקאָווסקין:

„בעסטער פריינט מיסטער וואַלענטי פּרושקאָווסקי!"

עס איז זייער נישט באַקוועם, וואָס מיר קענען זיך נישט פּערזענלעך און אומבאַקאַנטערהייט מוזן מיר אייך זידלען. איר נוצט אויס צופיל דעם ווייכן כאַראַקטער פון אונזער קוזין לעווקאָוויטש און איר מאַכט אים שווע־ריקייטן ביים איינאָרדענען זיך אין לעבן. מיר ווילן אים אַראָפּנעמען צו אונז און איר — שטייט איר אים אין וועג?! פע, זייער נישט שיין פון אייער זייט! און איר האָט נאָך די העזה זיך אָנצורופן אַ גוטער פריינט פון אונזער קוזין?!

מיר מעלדן אייך, אַז אויף אונז האָט איר קנאַפּ וואָס צו רעכענען. און אויב מיר וועלן אייך יאָ ארויסהעלפן מיט אַן אַפּידייוויט, וועלן מיר דאָס אַלץ טאָן נאָר צוליב אונזער קוזין".

אַז כ׳האָב איבערגעלייענט דעם בריוו, און אַז כ׳האָב שוין געהאַט פאַרטאַכלעוועט אויף דעפּעשן כמעט אַלע דאָלאַרן, וואָס פּרושקאָווסקי האָט באַקומען און כ׳האָב געזען, אַז פּרושקאָווסקי האָט שוואַכע שאַנסן אויף אַן אַפּידייוויט, האָב איך באַשלאָסן ענדלעך אַ סוף צו מאַכן מיט מיין אַרישן דאָקומענט און צוריק ווערן איטשע־מענדל לעווקאָוויטש.

ווען כ׳האָב שוין געהאַט אַלץ פאַרטיק, האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון קאָנסול, כ׳זאָל קומען אָפּנעמען אַן אַפּידייוויט, וואָס איז אָנגעקומען פון ניו־יאָרק.

ווי איז אייער נאָמען? — פרעגט מיך דער קאָנסול.

— איטשע־מענדל לעווקאָוויטש!

— אויב אַזוי — זאָגט ער — איז דער אַפּידייוויט נישט פאַר אייך. זאָל קומען וואַלענטי פּרושקאָווסקי, אַ זון פון זביגניעוו און קאַטאַזשינאַ...

# לאַנדסמאַנשאַפטן

קומט אריין צו מיר אין רעדאקציע א ייד און בעט מיך, כ'זאָל אים שענקען פינף מינוט צייט.

זאָג איך אים: „ביטע זייער!"

זאָגט ער:

— אויב אזוי, הערט־זשע אוים מיט קאָפּ א האלבע שעה צייט, וואָס כ'וועל אייך דערציילן.

זאָג איך: „נו, נו, דערציילט!"

און ער הייבט אָן מיט א טענה:

— איר שרייבט וועגן אלעם אין דער וועלט און וועגן די לאנדס־מאנשאַפטן שרייבט איר נישט קיין וואָרט. וואָס מאכט איר נישט קיין אָרדענונג אין דעם דאָזיקן באלאגאן?

— דהיינו?

— איר זיצט אין א רעדאקציע און איר פרעגט נאָך „דהיינו"? די פארשידענע לאנדסמאנשאפטן זענען דאָך געשאפן געוואָרן פאר אונדז, יאָ? פאר אונדז אלע: פאר מיר, פאר אייך און פאר יעדן איינעם ייד אין פוילן, יאָ? און אז עס קומט צו עפּעס, מאכט מען שוועריקייטן אויף שריט און טריט! נעמט, למשל, מיך. בינען בין איך א גריצער. גריצע — א שטעטל הינטער ווארשע, און אז די גריצער לאנדסמאנשאפט אין ניו־יאָרק האָט גערופן אלע גריצער אין פוילן זיך צו רעגיסטרירן, — האָב איך זיך, פארשטייט זיך, אויך רעגיסטרירט. איך בין א דיסציפּלינירטער מענטש, אז מען רופט — גייט מען. דערווייל האָט מען געגעבן יעדן רע־גיסטרירטן א פאָר דאָלאר און די פּעקלעך. און אז מען גיט, — נעמט

מען. האָב איך אויך גענומען. איר אויף מיין אָרט, וואָלט זיכער אויך גענומען. האָ?

— איך בין דאָך נישט — זאָג איך — קיין גריצער!

— אָבער ווען איר וואָלט געווען אַ גריצער, וואָלט איר גענומען?

— אוודאי וואָלט איך גענומען!

— זעט איר שוין!... דערווייל מאַכט זיך אַ מעשה, מען רעגיסטרירט אַלע פּאַביאַניצער יידן. בין איך דאָך אַ פּאַביאַניצער —

— איר זאָגט דאָך, אַז איר זענט אַ גריצער?!

— נו, און וואָס־זשע? אַז מען איז אַ גריצער, קאָן מען שוין נישט זיין קיין פּ אַ ב י אַ נ י צ ע ר? אין גריצע בין איך געבוירן און אין פּאַביאַניץ האָב איך זיך אויסגעכאָוועט. צו פּאַביאַניץ האָב איך אַ סענטימענט; דער שטאָט פּאַביאַניץ האָב איך אוועקגעגעבן מיין לעבנס־ווילן, מיין יוגנט, מיין אַלץ מיט אַנאַנדער. נו, האָב איך גענומען, זיך רעגיסטרירט צו די פּאַביאַניצער און כ׳האָב נישט קיין טענה. כ׳בין אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער פּאַביאַניצער לאַנדסמאַנשאַפט. כ׳געניס פון אַלע רעכט, גיט מען אַ פּאָר דאָלאַר — בין איך דאָ. און איר, כ׳בעט אייך זייער, וואָלט נישט גענומען?

—ווו?

— אין פּאַביאַניצער לאַנדסמאַנשאַפט?

— כ׳בין דאָך נישט קיין פּאַביאַניצער!

— אָבער ווען איר וואָלט געהאַט פאַר פּאַביאַניץ אַ סענטימענט און איר וואָלט מקריב געווען פאַר פּאַביאַניץ אייער לעבנס־ווילן, אייער יוגנט און אַלע אַנדערע זאַכן?

— וואָלט איך אויך געהערט!

— זעט איר שוין!... אָבער מיט קאַליש איז ערגער!

— פאַרוואָס איז ערגער?

— ווייל קאַליש האָט מיר געמאַכט שוועריקייטן ביים אַריינגעמען מיך אין דער לאַנדסמאַנשאַפט...

— נו, יאָ!... ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז איר זענט נישט קיין קאַלישער!

— ווער האָט עס אייך געזאָגט?

— איר אַליין זאָגט דאָך, אַז איר זענט אַ פּאָביאַניצער!

— נו, איז וואָס־זשע, קאָן מען שוין נישט זיין קיין קאַלישער? ביי מיר איז קאַליש נישט ערגער ווי פּאָביאַניץ. כ׳האָב וויינציק יאָרן געוווינט אין קאַליש? כ׳קאָן אייך אויסרעכענען פון אויסווייניק אַלע קאַלישער גאַסן. איר ווילט?

— ניין — זאָג איך — מ׳דאַרף נישט!

— אוודאי דאַרף מען נישט, ווייל כ׳בין שוין אָנגענומען. כ׳האָב אויפגעוויזן, אַז קאַליש איז מיין היימאַט, מיט קאַליש בין איך פאַרבונדן אויף טויט און אויף לעבן, קאַליש ליגט מיר אין מיין בלוט און פלייש. און איר מעגט מיר גלויבן, אַז ס׳איז נישט געגאַנגען אַזוי ווייט אין די פּאָר דאָלאַר מיט די פּאָר פּעקלעך, וואָס כ׳האָב אָפּגענומען אין דער קאַלישער לאַנדסמאַנשאַפט, — ס׳איז מיר מער געגאַנגען אין דער אַמביציע, ווי — אין די פּאָר מלבושים, וואָס כ׳האָב באַקומען. ס׳אַ פראַגע פון סענטימענט, איר פאַרשטייט?! ווען מען נעמט מיך נישט אריין, וואָלט איך געשפּאָלטן הימלען ווי כ׳האָב געמאַכט אין דער אַ פּ ט ע ר לאַנדסמאַנשאַפט.

— אַפּט? ווי קומט איר ווידער צו אַפּט?

— אַ שיינע שאלה! אין אַפּט בין איך אינדערהיים ווי דאָ אין לאָדזש.

— איר האָט געוווינט אין אַפּט אויך?

— איר פרעגט עפּעס אַזעלכע מאָדנע קלאָץ־קשיות, אַז עס פּאַסט גאָר נישט פאַר אַ שרייבער. און אַז כ׳האָב נישט געוווינט אין אַפּט, קאָן איך שוין נישט זיין קיין אַפּטער?! מיינע מחותנים שטאַמען דאָך פון אַפּט. מיין ווייב איז דאָך אַן אַפּטערין. אַ הונדערט־פּראָצענטיקע אַפּטערין! ווען נישט אַפּט, וואָלט איך געהאַט ס׳צווילינג, וואָס כ׳האָב איצט? — אסור!

— זענט איר, הייסט עס, אין דער אַפּטער לאַנדסמאַנשאַפט אויך?

— אוודאי בין איך. ווער דען זאָל זיין, אויב נישט איך? צוערשט האָבן זיי זיך אפילו געקווענקלט. האָב איך טאַקע געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש. כ׳האָב געזאָגט: ס׳וועט זיך טאָן חושך! כ׳וועל שפּאַלטן הימלען! כ׳וועל וועלטן איינלייגן! אָרדענונג ווו איז? גערעכטיקייט מוז זיין! כ׳וועל מאַכן שוואַרץ שבת, וועל איך מאַכן! בלוט וועט זיך גיסן! און אויב ס׳וועט נישט זיין מיט גוטן, וועל איך גיין מיט בייזן! הקיצור אַ וואָרט צו אַ

ווארט — כ'האב שוין פון דארט ס'דריטע פעקל! אבער ווער פעקל? וואס פעקל? ס'גייט מיר מער אין סענטימענט. אפט — דאס איז א שטיק פון מיין אינערלעכן איך!

— זענט איר שוין, הייסט עס — זאג איך — א גריצער, א פאביא-ניצער, א קאלישער און אן אפטער! איז וואס-זשע ווילט איר פון מיר?

— פון אייך וויל איך גאר עפעס אנדערש. מיט אייך וויל איך רעדן וועגן ווארשע.

— וועגן ווארשע? וואס האט איר צו ווארשע?

— ס'הייסט וואס האב איך צו ווארשע?! וואס קלערט איר, איך בין עפעס א פראווינצער?! און ווו האב איך זיך קולטורעל איינגעזאפט; אויף דער פראווינץ, צי אין ווארשע?! ווו האב איך זיך דערוואָרבן מיין גאנצן גייסטיקן באגאזש: אין אפט, צי אין ווארשע? ווו איז געווען דער צענטער פון מיין אינטעלעקטועלער יניקה: גריצע, צי ווארשע? ווארשע האט מיך באגייסטערט און באפרוכפערט! כ'וועל אייך אוועקגעבן גאנץ גריצע מיט אפט, מיט קאליש, מיט פאביאניץ פארן מינדסטן שטיקעלע ווארשע! און איצט, אז כ'קום מיך פארשרייבן אין דער ווארשעווער לאנדס-מאנשאפט, לייגט מען שטיינער אויפן וועג און מ'לאזט מיך נישט אונ-טערשרייבן א דעקלאראציע. איך וועל מיר נישט לאזן שפייען אין דער קאשע פון די דאזיקע היפאקריטן! ווארשעווער זשוליקעס! איך בין דע-ריבער געקומען צו אייך, איר זאלט זיי באשרייבן.

:: :: ::

היינט איז דער זעלביקער ייד ווידער געקומען צו מיר אין רעדאק-ציע אריין.

— איר דארפט שוין נישט באשרייבן — זאגט ער צו מיר — דאס ארטיקל, וואס כ'האב אייך אויפגעגעבן. מ'האט מיך שוין היינט אנגע-נומען!

# פּעקלעך פון אַמעריקע

## מאָנאָלאָג פון אַ פּוילישן ייד

— דאַכט זיך, אַז מ'דאַרף אייך נישט איבערצייגן, אַז קריגן אַ פּעקל פון אַמעריקע פון אַ קרוב, פון אַ פריינט, פון אַ באַקאַנטן, פון וועמען עס זאָל נישט זיין, — געהערט צו די אָנגענעמע זאַכן.

ערשטנס, טוט אייך הנאה, אַז מען געדענקט אָן אייך.

צווייטנס, קאַקאַאָ, קאָנדענסירטע מילך און שאָקאָלאַד איז זייער אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג.

און דריטנס? — צו וואָס דאַרפט איר נאָך דריטנס, ס'איז גענוג „ערשטנס" און „צווייטנס".

הערט־זשע: מאַכט זיך אַ מעשה, אַז מיינער אַ פריינט, אַ לאָדזשער ייד, נישט קיין איבעריקער בעל־פּרנסה, דערפאַר אָבער אַ ייד אַ שלים־מזל, קריגט מיט אַ צייט צוריק פון זיינעם אַ פעטער, וואָס האָט זיך אָפּ־געפונען אין ניו־יאָרק, אַ בריוו, אין וועלכן ער איז אים מודיע, אַז ער איז גליקלעך, וואָס ער, דער פריינט מיינער, לעבט און ער שיקט אים אַרויס אַ פּעקל.

קומט מיין פריינט צו מיר צולויפן מיט אַ גדולה:

— האָסט געהערט, מיין אָפּגעפונענער פעטער אין אַמעריקע שיקט מיר אַ פּעקל.

זאָג איך: זייער פיין. ס'מינדסטע אַמעריקאַנער פּעקל איז דאָך ווערט אַ שיינע פּאָר טאָלער.

— יאָ — זאָגט ער — ס'איז ווערט, אָבער דערווייל פון וואָס לעבט מען? כ'וועל מיך גאַרנישט שעמען פאַר דיר, כ'האָב נישט אַפילו אויף קיין פאַפּיראָס.

— אין יעדן פּעקל — טרייסט איך אים — פון אַמעריקע זענען דאָ פּאַפּיראָסן אויך. וואַרט־צו! וועסט רויכערן „קאַמעל”!

צום אָוועקגיין פונדעסטוועגן האָב איך אים אַריינגערוקט אַ הונדער־טער.

— אַז ס'פּעקל וועט קומען — זאָג איך אים — וועסטו מיר אומ־קערן.

אין עטלעכע טעג אַרום, מיין פריינט איז דאָ. אַ לאַכעדיק פּנים, אַ צופרידענער.

— ס'פּעקל איז געקומען, האַ?

— ניין — זאָגט ער — שוין ווידער אַ בריוו פון אַמעריקע.

— פון וועמען?

— פון מיין פעטער אין ניו־יאָרק! שטעל דיר פאָר, ער שרייבט מיר, אַז ער האָט באַשלאָסן מיר אַרויסצושיקן נ אָ ך אַ פּעקל. נאַ, לייען דעם בריוו!

— צו וואָס לייענען, כ'גלויב דיר. האָסט אַ ווילן פעטער, הלוואַי וואָלט איך געהאַט כאָטש אַ שטיקל פון אַזאַ פעטער.

— וואָס ווייסטו, ס'אַראַ פעטער דאָס איז, ער האָט שטענדיק גע־האַט אַ גאָלדענעם כאַראַקטער, נאָך ווען ער האָט געוווינט אין פּוילן. אָבער טשעקאַווע, וואָס ס'וועט זיין אינעם צ ו וי ט ן פּעקל?

— און וואָס עס וועט זיין אין ע ר ש ט ן פּעקל ווייסטו שוין? — פרעג איך.

— ניין — זאָגט ער — דאָס ווייס איך אויך נישט. אָבער ס'צווייטע פּעקל אינטריגירט מיך געוואַלדיק. אויב אַן אָנצוג, — וואָלט איך אים פאַרקויפט. כ'דאַרף געלט. וואָלסט געווען אַ גוטער ברודער, וואָלסטו מיר צוגעבאָרגט נאָך 400 זלאָטעס, וואָלט דיר געקומען ביי מיר אַ גלייכער פינפהונדערטער. אַז כ'וועל פאַרקויפן די מינדסטע זאַך פון פּעקל, וועס־טו צוריק האָבן דיין געלט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, מיין פריינט איז דאָ.

איידער איך האָב אים נאָך באַוויזן עפּעס צו פרעגן, האָט ער שוין מ י ך געפרעגט:

— דו קריגסט עפּעס בריוו פון אַמעריקע?

— א י ך ? פון וועמען! כ'האָב נישט קיינעם אין אַמעריקע.

— און איך, זעסטו, האָב א יי ן פעטער און כ'האָב שוין ד ר יי בריוו באַקומען פון אים.

— שוין ווידער באַקומען אַ בריוו?

— יאָ, היינט! שטעל דיר פאָר, ער שרייבט מיר, אַז ער האָט שוין אויסגעפּועלט ביי מיינע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, אַז מ'זאָל מיר אויך שיקן. זיי שיקן מיר אַרויס צוויי פּעקלעך. נאַדיר, שוואַרץ אויף ווייס, לייען!

— צו־וואָס? כ'גלויב דיר!

— אָבער וואָס וועל איך טאָן מיט פיר פּעקלעך, אפשר האָסטו אַ קונה אויף קאַקאַאָ!

— ניין — זאָג איך — איך טרינק קאַווע.

— טאָ אפשר וועסטו קויפן ביי מיר אַביסל קאַווע. זייער גוטע קאַווע. אַמעריקאַנער קאַווע?

— ניין — זאָג איך — צו וואָס זיך מאַכן זאַפּאַסן; ווען כ'דאַרף קאַווע, קויף איך אין געוועלב עטלעכע דעקאַ.

— און אפשר דאַרפסטו...

— ניין — זאָג איך — כ'דאַרף נישט, נאָר אַ פינף הונדערטער קאָן איך דיר צובאָרגן.

— אדרבה, כ'דאַרף טאַקע אַ פּאָר זלאָטעס. זיי רואיק, ס'איז ווי אין באַנק. אַז די פיר פּעקלעך וועלן אָנקומען, וועל איך דיר אומקערן דעם חוב אָדער מיט מזומן אָדער — מיט סחורה.

עטלעכע טעג איז מיין פריינט נישט אַריינגעקומען צו מיר. כ'האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט שוין באַקומען די פּעקלעך, און אַז ער האָט שוין פּעקלעך, דאַרף ער דאָך שוין נישט מיך...

אנומלט — ער איז ווידער דאָ אַ צעפלאָמטער, אַ צעקאָרקעוועטער.

— וואָס הערט מען? — פרעג איך.

— וואָס זאָל מען הערן? הלוואי קיין מאָל נישט ערגער. אפשר ביסטו

אן אמאטאר אויף א גוטן זומער־מאנטל. פונקט דיין מאס. גוטער שטאף. כ'וועל דיר נישט רעכענען טייער. א טויזנטער ווייניקער ווי אין געשעפט.

כ'הער אזא פזמון, האב איך שוין פארשטאנען, וואס ס'איז געשען און כ'פרעג אים:

— נו, ווי אזוי? אלע פיר פעקלעך זענען אנגעקומען מיטאמאל?

— ניין — זאגט ער — דערווייל האב איך נאך די פעקלעך נישט באקומען, אבער היינט האב איך דערהאלטן פון פעטער א פרישן בריוו, דירך לופט־פאסט.

— נו?

— וואס „נו"? שטעל דיר פאר, אז כ'האב צוויי קוזינקעס א צוויי־לינג, די טעכטערלעך פון מיין פעטער טאקע; כ'קען זיי אפילו נישט פער־זענלעך, האבן זיי אויך באשלאסן מיר צו שיקן צוויי פעקלעך. נאדיר, לייען: „צוויי פעקלעך וועלן דיר שיקן פעני און זשעני. אט, דאס הייסט אן אנ־גענעמע איבערראשונג, ניין? און איצט האב איך שוין צוזאמען א קיימא־לן פון גאנצע זעקס פעקלעך!

— און פון וואנען — פרעג איך — האסטו א זומער־מאנטל, פונקט מיין מאס?

— ס'הייסט פון וואנען? פון די פעקלעך! אז מען שיקט זעקס פעק־לעך וועט זיך נישט געפינען דארט כאטש איין מאנטל? און אז מען שיקט מיר א מאנטל, וועט מען דאך שיקן אויף מיין מאס. דער פעטער מיינער קען מיין מאס און איך מיט דיר האבן דאך איין מאס!

— און ביסט זיכער, אז ס'איז א זומערדיקער מאנטל, אפשר א ווינטערדיקער?

— מאך זיך נישט נאריש, סוף־ווינטער וועט ער דיר שיקן א ווינ־טער־מאנטל? פארשטייט זיך, אז ס'איז א זומערדיקער.

— און פון וואנען ווייסטו — פרעג איך ווייטער — אז ס'איז א גוטער שטאף, אפשר איז עס א געווענלעכער שטאף?

דא איז שוין מיין פריינט ארויס פון די כלים:

— ס'הייסט א געווענלעכער? אז עס קומט א בריוו אויף לופט־פאסט, וועט ער מיר שיקן א געווענלעך פעקל? ווען ער האלט מיר ביי

שיקן א געווענלעך פעקל, וואָלט ער דאָך מיר געשיקט א גע־
ווענלעכן בריוו!

צום אוועקגיין האָב איך מיין פריינט געבאָרגט נאָך א טויזנטער אויף
דער קאָנטאָ פון די פעקלעך, אָבער גלייכצייטיק האָב איך גענומען דעם
אַדרעס פון מיין פריינטס פעטער.

און אז כ׳האָב געהאט דעם אַדרעס, האָב איך מיך אוועקגעזעצט און
אָנגעשריבן א הייסן בריוו צום פעטער. כ׳האָב אים געבעטן, אז ער זאָל
זיך דערבאַרעמען אויף מיר און אויפהערן שרייבן בריוו צו זיין פלימע־
ניק, וואָרום ערשטנס, האלט איך, אז בעסער דאָס ערגסטע פעקל
איידער דער בעסטער בריוו, און צווייטנס — די בריוו מאכן מיך
אומגליקלעך. כ׳קאן נישט אזוי פיל אויסבאָרגן. כ׳בין נישט קיין קאַ־
פּיטאַליסט. איך באָד שוין מיט א שיינע פּאָר טויזנט זלאָטעס.

נעכטן, ווען כ׳האָב ווידער געטראָפן אויף דער גאס מיין פריינט און
ער האָט מיך געפרעגט: — „אפשר זייט איר א קונה אויף קאָנדענסירטע
מילך?” — בין איך אנטלאָפן מיט איין אָטעם און אים איבערגעלאָזט
מיט א בריוו, וואָס ער האָט געהאלטן אין דער האנט.

כ׳בין אנטלאָפן, ווייל כ׳האָב דערקענט דעם פעטערס האנטשריפט...

# ווען שלום עליכם וואָלט היינט געלעבט

מיט מיין היינטיקן פעליעטאָן בין איך רואיק. כ׳גיי אויף אַן אייזער־נער בריק. כ׳האָב מיר גענומען צו־הילף שלום עליכמען. און אַז מ׳האָט אַזאַ שותף ווי שלום עליכם, איז מען אַסעקורירט.

כאָטש, צוריק־געשמועסט, אַרויסגייענדיק פון פּראַקטישן שטאַנד־פּונקט, איז עס נישט קיין געלונגענע טראַנזאַקציע. וואָרום, וועט מען לאַכן פון פעליעטאָן, וועט עס גיין אויפן חשבון פון שלום עליכמען. מען וועט זאָגן: „נו, יאָ, שלום עליכם וועט שטענדיק בלייבן שלום עליכם". קוים אָבער וועט מען פון פעליעטאָן נישט לאַכן, וועט מען זאָגן: „נו, יאָ, אַז יעדער איינער נעמט זיך צו שלום עליכמען"...

---

איך האָב מיר געשטעלט די פראַגע: וואָס וואָלט געווען, ווען שלום עליכם וואָלט היינט געלעבט?

נאָך מער:

— וואָס וואָלט געווען, ווען שלום עליכם וואָלט היינט געלעבט און וואָלט צוריקגעקומען קיין פּוילן אַלס רעפּאַטריאַנט?

אין פלוג גענומען קלינגט אַביסל מאָדנע די דאָזיקע פראַגע; אָבער, אַז מען פאַרטראַכט זיך, איז עס גאָרנישט אַזוי אויסטערליש:

וואָס זשע, אַלזאָ, וואָלט געווען?

קודם כל וואָלט געווען אַ נאָטיץ אין „דאָס נייע לעבן":

„היינטיקע וואָך איז צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד דער באַרימ־

מער דיכטער דער און דער... דער באַוווּסטער קינסטלער דער און דער...
די באַליבטע אַקטיאָרן די און די...

עס איז אויך צוריקגעקומען שלום ראַבינאָוויטש (פּסעוודאָנים — שלום עליכם), דער שוּוער פֿונעם גוט־באַקאַנטן זשורנאַליסט ב. צ. גאָלד־בערג, רעדאַקטאָר פֿון ניו־יאָרקער „טאָג" און חודש־זשורנאַל „אייניקייט".

און קומענדיק קיין לאָדזש, וואָלט שלום עליכם געגאַנגען אין יידישן קאָמיטעט זיך רעגיסטרירן. און ווי יעדער רעפּאַטריאַנט וואָלט ער באַקו־מען: אַ האַלבע קילאָ קאַשע, 10 דעקא שמאַלץ, 10 דעקא צוקער און 10 דעקא מילך־פּראָשעק. איז עס דאָך אָבער שלום עליכם, וואָלט ער מסתמא געפֿרעגט: און ווו זענען די אַנדערע זאַכן, ווי אין פּסוק שטייט: ואכלת ושבעת וברכת, ס'הייסט פֿון אונרא, פֿון דער פֿעדעראַציע און פֿון „דזשאָינט"?

וואָלט אים דערויף דער באַאַמטער געענטפֿערט:

— אהאַ, איר מיינט מסתמא די „גרעבערע" פּאָזשידזיאַלן? דאָס איז דאָך בלויז פֿאַר די באַאַמטע פֿון די קאָמיטעט-אינסטיטוציעס.

— ס'טייטש, — וואָלט שלום עליכם ווייטער געפֿרעגט — און די פֿאַר לעבנגעבליבענע שרייבער האָבן זיך געשמדט?

וואָלט מען אים געענטפֿערט:

— שרייבער קאָנען נישט באַקומען, ווייל...

דאָ וואָלט זיך פֿאַרהאַקט דאָס פֿענצטערל, ווייל ס'איז שוין אַ האַל־בע שעה פֿ אַ ר מיטאָג־שעה.

דערנאָך וואָלט זיך פֿאַר שלום עליכמען אָנגעהויבן אַ סדרה פֿון געי־פֿינען אַן אָרט צו שלאָפֿן. פֿאַרשטייט זיך, אַזוי שנעל וואָלט ער אין לאָדזש נישט געפֿונען קיין אָרט צו שלאָפֿן. ער וואָלט זיכער געמאַכט אַ געוואַלד:

— ס'טייטש? פֿונדערוויטנס נאָך האָב איך געהערט, אַז כ'האָב דאָ אַ גאַנצע ריי שלום עליכם־גאַסן, און איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז כ'האָב צומאָל נישט קיין ווינקל, ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן

נאַטירלעך, אַז נאָך אַזאַ שטאַרקן אַרגומענט, וואָלט ער באַקומען אַ בריוו אין דער לאָדזשער יידישער בורסע, אַז מ'זאָל אים דאָרט גלייך אויפֿ־נעמען. אָבער דאָך וואָלט אין דער בורסע אַזוי גלאַטיק נישט צוגעגאַנגען.

— לײדער, אָביוואַטעלו*) שלום עליכם — װאָלט מען אים געזאָגט — טאָר מען נישט אױפנעמען אין אונדזער בורסע קײן לאַקאַטאָרן מיט קלײנע קינדער.

— נו, איז דאָך פּונקט גוט, — װאָלט שלום עליכם געזאָגט, — איך האָב דאָך טאַקע נישט קײן קלײנע קינדער.

— איז װאָס איז די ראיה? הײנט האָט איר טאַקע נישט, אָבער מ'קאָן נישט װיסן, װאָס עס װעט זײן מאָרגן. איר קומט דאָך נישט װוינען אין בורסע אױף אײן טאָג, און איר זענט דאָך אַ פּרוכטבאַרער שרײבער.

הערנדיק אַזאַ ענטפער, װאָלט שלום עליכם געבליבן שטײן אין פאַרלעגנהײט. ער װאָלט נישט געװוּסט, צי ע ר איז שלום עליכם, צי דער ב אָ אָ מ ט ע ר איז שלום עליכם...

דאַן װאָלט ער זיך אַרױסגעלאָזט איבער דער שטאָט זוכן אַן אָרט צו שלאָפן. ער װאָלט אָפּגעשטעלט דעם ערשטן ייד אױף זאַװאַדזקע און געפרעגט:

— עמך?

— עמך!

— פאַרלעזונגען קומען דאָ פאָר, פּעטער?

— פאַרלעזונגען — װײניק, מערסטנטײל — אַקאַדעמיעס.

— װאָסערע אַקאַדעמיעס?

— לעולם — בלױז טרױער־אַקאַדעמיעס. אָבער איצט קומען פאָר שלום עליכם אַקאַדעמיעס!

— װאָס עפּעס „אַקאַדעמיעס"? ס'איז דאָ א י י ן שלום עליכם, װאָלט דאָך געגוג געװען א י י ן אַקאַדעמיע?

— פאַרװאָס עפּעס א י י ן אַקאַדעמיע? יעדע פּאַרטײ האַלט, אַז שלום עליכם איז נאָר אירער. און דעריבער, װיפל פּאַרטײען — אַזױ פיל אַקאַדעמיעס.

דער דאָזיקער ייד װאָלט געפעלן געװאָרן שלום עליכמען. ער װאָלט אים שױן נישט אָפּגעלאָזט און װײטער אינטערװיואירט:

*) בירגער.

— און וואָס הערט מען מיט שלום עליכמס העלדן? וואָס טוט זיין מנחם מענדל?

— ער ווערט באַקעמפט דורכן צענטראַל־קאָמיטעט. די פּראָדוקטי־וויזאַציע־אָפּטיילונג האָט זיך פאַרנומען אויף אים.

— ...און וואָס איז מיט טביה דעם מילכיקן?

— מ׳זעט אים נישט. ס׳קאָן זיין, אַז ער לעבט אויף אַרישע פּאַפּירן.

— און די יידן דאָ לייענען נאָך היינט?

— אוודאי. אַממייסטן לייענט מען די אַנאָנסן־זייט פון נייעם לעבן": „מיר זוכן קרובים".

— ניין, כ׳מיין, צי מען לייענט יידישע ביכער. שלום עליכמען, למשל?

— אַ שאלה, צי מען לייענט! „נאָכן מבול" איז „נע־ונד" דאָס אַק־טועלסטע ווערק פאַר יידן...

— און וואָס הערט מען ביי שלום עליכמס „בלאָנדזשענדע שטערן"?

— די „ש ט ע ר ן" זענען אוועק און די „ב ל אָ נ ד ז ש ע נ ד י־ק ע" זענען געבליבן.

אין אָוונט וואָלט דער זעלבער „ייד פון אַ גאַנץ יאָר" געגאַנגען מיט שלום עליכמען אין יידישן טעאַטער זען דעם „בלוטיקן שפּאַס"...

אַהיימגייענדיק וואָלט דער ייד געפרעגט שלום עליכמען:

— נו, ווי איז אייך געפעלן געוואָרן די פאָרשטעלונג?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן — וואָלט געענטפערט שלום עליכם — ווען כ׳לייען נישט איבער דעם אַפּיש, וואָלט איך נישט געגלויבט, אַז די פּיעסע איז שלום עליכמס!...

# איך, — דער פּוילישער ייד

כ'האָב מזל, וואָס כ'בין אַ פּוילישער ייד.

ווען איך בין אַ גריכישער ייד, אַ האָלענדישער ייד, אַ טערקישער ייד, אָדער אַן אַנדער ייד, וואָלט צו מיר געווען אַך־און־וויי. ווער וואָלט זיך אויף מיר אומגעקוקט, און ווער וואָלט זיך מיט מיר אינטערעסירט? — קיינער נישט.

אָבער, אַז כ'בין אַ פּוילישער ייד, פיל איך מיך גאָר אַנדערש. כ'ווייס, אַז כ'בין נישט אַליין. די גאַנצע וועלט איז מיט מיר. מילא, די וועלט — יאָס די וועלט, אָבער די ייד יש ע וועלט איז אינגאַנצן מיינע.

פאַר מיר מאַכט מען קאַמפּיינס און הילפס־אַקציעס, פאַר מיר זאַמלט מען געלט, פאַר מיר גרינדן זיך לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַלע עקן וועלט, פאַר מיר האַלט מען רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען, און אַז מען פּאַטשט בראַוואָ, מיינט מען נישט דעם רעדנער, נאָר — מיך. איך בין מיר אין פּוילן, אָדער אין אַ לאַגער אין מינכען, אָדער אין אַ לאַגער אין טשעכיע, אָדער אין אַן עמיגראַנטן־הויז אין פּאַריז, — און דאָרט ערגיץ ווייט אין לאָס אַנדזשעלאָס, אין ניו־יאָרק, אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, אין יאָהאַנעסבורג, — באַקום איך אַפּלאָדיסמענטן.

פאַר מיר שיקט מען פון אַלע עקן וועלט פּעקלעך מיט שפּייז. דעם בעסטן אייער־פּראָשעק, מיטן טייערסטן מילך־פּולווער, מיטן נאַרהאַפטסטן בוליאָן־עקסטראַקט. ווילסטו, איז עס שוואָמען־זופּ; ווילסטו, איז עס אַרבעס־זופּ; ווילסטו, איז עס גאָר ריינער זאַפט פון טשיקן, הינערן־יויך. די אויפשריפטן פון די פּאַרפּאַקונגען פאַרבלענדן ממש די אויגן. אַזאַ

אויפשריפט און אן אנדער אויפשריפט. פון די בלויזע אויפשריפטן קומט שוין צו א שטיק געזונט.

היינט די פעקלעך מיט מלבושים? — א ריזן־אויסוואל. אזא וועסטל און אן אנדער וועסטל. אזעלכע הויזן און אנדערע הויזן א ז א שוך און אן א נ ד ע ר ש ו ך. אלץ — אנטיקן. מען זעט עס גארנישט.

**און די, וועלכע שיקן די מלבושים? — פון זיך אליין נעמען זיי אראפ** דאס טייערסטע און דאס בעסטע און שיקן עס מיר. עס ארט זיי נישט, וואס זיי זענען שוין צוגעווינט צום מלבוש פון יארן, פון צענדליקער יארן; עס ארט זיי נישט, וואס עס איז אן אנדענקונג פון טאטן, פון זיידן, און עלטער־זיידן. פאר מיר, דעם פוילישן ייד איז גארנישט צו־טייער.

ווען מיר, פוילישן ייד, טרעפט איר אויפרופן אין יידישע צייטונגען אין דער גאנצער וועלט. איך, דער פוילישער ייד, בין דער, וועלכער דער־וועקט רחמנות ביי אלע; איך מאך קרעכצן א וועלט; איך רוף ארויס ביי אלעמען טרערן; איך ריר די קאלטסטע הערצער.

**צו מיר, דעם פוילישן ייד, שיקט מען דעלעגאטן,** שליחים, קארעס־פאנדענטן. מיך טרייסט מען, מיך באקוקט מען, מיך פאטאגראפירט מע׳.

איך, דער פוילישער ייד, בין שוין געווען פאטאגראפירט אין אלע פאר־זעס: פראפיל און אן פאס, אין דער העלפט און אינגאנצן, אליין און מיט גרופן, אנגעלענט און זיצנדיק און שטייענדיק. און אומעטום שיינט ארויס א צושריפט, געווידמעט ספעציעל מיר: „אט, איז ער, דער פוילישער ייד".

מיך, דעם פוילישן ייד, באדויערט מען, מיך באזינגט מען, מיך באַ־וווּנדערט מען, מיך באשרייבט מען.

ווען מיר שרייבט מען ראמאנען, סעריעס, זכרונות, סקיצן, עסייען און לידער.

ווען מיר שרייבט מען באריכטן. ווען מיר פירט מען דיסקוסיעס. ווען מיר רופט מען קאנפערענצן, צוזאמענפארן און קאנגרעסן.

ווען מיר פירט מען קאמפן, ווען מיר רייסט מען זיך ארום, ווען מיר שפאלט מען זיך, ווען מיר שאפן זיך פליגלען און פליגעלעך.

פאר מיר שאפט מען ארגאניזאציעס מיט צענטראלעס און מיט אפ־טיילונגען.

פאר מיר האלט מען אוים אמטן, מיט קאמיטעטן, מיט אפאראטן, מיט אנגעשטעלטע.

פאר מיר קלויבט מען אוים פרעזידענטן, מיט טשערמאנס, מיט סעק־רעטארן, מיט קאמיסיעס.

ווענן מיר צעשיקט מען צירקולארן מיט ביולעטינען.

ווענן מיר טראגט מען אריין מאטעריאלן און ווענן מיר פראטעסטירט מען.

צוליב מיר ק ו י פ ן זיך מענטשן מצוות. צוליב מיר ק ו י פ ן זיך מענטשן עולם־הבא. צוליב מיר ק ו י פ ן זיך מענטשן כבוד. אבער פון דעם אלעם, ווען א י ך א ל יי ן ז א ל מ י ר א ו י ך קאנען עפעס ק ו י פ ן, — וואלט גאר גוט געווען...

# קאַלט, קאַלט, און נאָכאַמאָל קאַלט!

## אַ רעפּעראַט אַזאַ

אויף די דייטשישע געביטן, וואָס זענען אָקופּירט דורך די ענגלענדער, קומען אינסטרוקטאָרן, וועלכע קלערן אויף פאַר די ענגלישע באַאַמטע, סאָלדאַטן און אָפיצירן ווי אַזוי מ'דאַרף זיך אומגיין מיט די דייטשן: מיר גיבן דאָ אַ מוסטער פון אַ רעפעראַט, וואָס ווערט געהאַלטן דורך די אויבנדערמאַנטע ענגלישע אינסטרוקטאָרן.

ליבע פריינט, בירגער! געטרייע זין פון דער ענגלישער אימפּעריע!

איר' האָט מסתמא געהערט פון באַקאַנטע און איר האָט מסתמא געלייענט אין טייל צייטונגען, אַז די דייטשן האָבן די מלחמה פאַרשפּילט. ווען די דייטשן וואָלטן די מלחמה געוווּנען — וואָלט דעמאָלט געדראָט דער מענטשהייט אַ קאַטאַסטראָפע. די דייטשן זענען אַזוי טאַקטלאָז, אַז זיי זענען געווען גרייט צו באָמבאַרדירן אונזערע שטעט, זיי זענען געווען גרייט צו באַליידיקן אונדזערע אומשולדיקע בירגער און עס איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז זיי וואָלטן אַפילו געמאַכט קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט די אַזוי גערופענע קרעמאַטאָריעס. יאָ, אַזוי ווייט וואָלט עס דערגאַנגען!

מיר דאַרפן דעריבער אָננעמען אַ שטעלונג ווי אַזוי זיך איצט אויפצופירן מיט דער דייטשער באַפעלקערונג. מיר מוזן זיך פירן לויט אַ באַשטימטער ליניע!

מיר ענגלענדער מוזן זיך האַלטן אין רעזערוו, מ'טאָר נישט אַרויסווייזן צופיל פריינטשאַפט צו די דייטשן. קאַלט, נאָר קאַלט!

מיט דייטשע קינדער אין עלטער ביז זעקס חדשים דאַרפן מיר בוכ־שטעבלעך נישט האָבן קיין שום געמיינזאַמעס. נישט פאַרברענגען מיט זיי, נישט גריסן זיך צו זיי און אפילו נישט זאָגן קיין גוד מאָנינג".

מיט דייטשע דערוואַקסענע פון 85 יאָר און העכער דאַרפן מיר שטאַרק באַגרענעצן אונדזער קאָנטאַקט. מ'קאָן זיך באַגריסן, מ'קאָן פון צייט צו צייט אַ שמועס טאָן, מ'קאָן קומען אויף אַ וויזיט, און — שלום! ווייטער נישט! קאַלט, קאַלט און נאָכאַמאָל קאַלט!

וואָס אַנבאַלאַנגט די איבעריקע דייטשן אין יונגן עלטער און מיטעלן עלטער, דאַרף מען זיי איינטיילן אין צוויי קאַטעגאָריעס: דייטשע מענער און דייטשע פרויען.

מיט די מענער דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק. געוואַלדיק פאָרזיכטיק. איר קאָנט מיט זיי רעדן, שפּילן אַ ברידזש, שפּילן טענים, גיין אויף אַ מעטש, כאַפּן פיש, גיין אויף יאַגד, גיין אויף פערד־געיעג, טרינקען „וויס־קי", קומען אויף אַ חתונה, באַגלייטן אויף אַ לוויה, און — שלום! מער נישט! קאַלט, קאַלט, און נאָכאַמאָל קאַלט!

קיין געשעפטלעכע עסקים מאַכט נישט מיט די דייטשן, סיידן — עפּעס קויפן, פאַרקויפן, פאַרמיטלען, אָפּשאַצן, עפּעס פאַרמשכונען, אָדער עמיצן לייען אַביסל געלט, אָבער מער נישט! נאָר פונדערווייטנס!

אויב עמיצער פון אייך דיספּאָנירט מיט פּאָסטנס, דאַרף ער געדענ־קען, אַז די דייטשע אַרבעטס־פעאיקע מענער קאָנען באַקומען נאָר נידע־ריקע פּאָסטנס, אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. איר קאָנט זיי נעמען אַלס סטרוזשעס, אַלס נאַכט־היטער, אַלס משרתים, אַלס אינקאַסענטן, אַד־מיניסטראַטאָרן, פּאָסט־טרעגערס, בוכהאַלטערס, לערערס, וויזיטאַטאָרן, האַנדלס־אַגענטן, ביוראַליסטן, צענזאָרן אין דער פּרעסע, אין ראַדיאָ און — מער נישט!

וואָס אַנבאַלאַנגט הויכע פּאָסטנס — אויסגעשלאָסן! סיידן עפּעס דאָרט אַ פּראָקורענט פון אַ באַנק, דירעקטאָר פון אַ פאַבריק, אָנפירער פון אַ קאָנצערן, אַ פאַרוואַלטער פון אַן אַקציען־געזעלשאַפט, אָבער ווייטער גייט עס נישט. געדענקט: קאַלט, קאַלט און נאָכאַמאָל קאַלט!

אויב איר פאַרטיילט קאָנצעסיעס, מוזט איר נאָר שטיין אויף דער וואַך. עס דאַרף זיין ביי אייך אַ הייליקער פּרינציפּ: „אַלעמען קאָנצעסיעס,

אחוץ — דייטשן". מ'קאן מאכן אן אויסנאם, למשל, ווען עס האנדלט זיך וועגן א קאָנצעסיע אויף ספירט, אויף טאבאק־אויסארבעטונג, אויף זאלץ, אויף אויפבויען א באן־ליניע, א קאָלייקע־מעטרא, עלעקטרא־סטאנציעס, קוילן־גרובן, וועלדער־עקספלאָאטאציע, א שיף־געזעלשאפט און אנדערע שווערע אינדוסטריע־פאבריקאטן, אָבער ווייטער? גאָט זאָל אָפּהיטן!

אָבער אַממייסטן פּאָרזיכטיק דארפט איר זיין, ווען עס האנדלט זיך וועגן פרויען, אין באצוג צו דייטשע פרויען דארפט איר זיין גאָר און גאָר וואכזאם. דייטשע פרויען דאָס איז פייער! זיי נארן זיך אריין אין הארץ, אין דער בריטישער נשמה און שפּעטער קאָן מען פון דער נעץ נישט ארויסקריכן. איר מוזט דעריבער זיין קאַלט און נאָכאמאָל קאַלט!

גייט נישט אריין אין קיין האנדלס־באציאונגען מיט קיין פרויען, סיידן איר מאכט מיט זיי א שותפות־געשעפט. איר עפנט, למשל, מיט א דייטשער פרוי א קאָסמעטישן אנשטאלט. א מאָדע־מאגאזין, א פוטער־געשעפט, א ביבליאָטעק, א דענטיסטישן קאַבינעט, עווענטועל — א ווארשטאט פון דאמען־קאָנפעקציע אָדער אן אנשטאלט פאר קימפעטאָרינס.

אָבער אין געזעלשאפטלעכן לעבן האלט זיך אין רעזערוו צו דייטשע פרויען.

געדענקט, ווען איר זעט אויף דער גאס א באקאנטע דייטשע פרוי, קאנט איר פאר איר ציען דעם הוט, איר קאנט איר געבן א קוש אין האנט, א קוש אין שטערן, א קוש אין באק, א דריק אין האנט. ס'איז אויך נישט קיין אומגליק, אז איר גיט איר א דיסקרעטן קניפ. אָבער מער — נישט; קאַלט, נאָר קאַלט!

אויב איר באשטעלט זיך אויף א ראנדעווו מיט א דייטשיש מיידל, קאנט איר מיט איר פלוידערן, פלירטעווען. איר קאנט איר זאָגן, אז זי האָט שיינע אויגן, א געטאָקט נעזל, א קלאסיש פנים, סאמעטענע האָר, איר קאנט זי באגלייטן אהיים, איר קאנט אָנקלאפן אין טיר אא"וו, אָבער מער נישט! קאַלט, קאַלט און נאָכאמאָל קאַלט!

אויב זי האָט געבורטסטאָג, קאנט איר צו איר אינדערפרי אָנקלינגען און איר באלייגן אייער ווונטש. איר קאנט איר אפילו שיקן בלומען, א באָמבאָניערע, א גאָלדן זייגערל, א בריליאנטל, אָדער — אן אנדער פרעזענט; איר קאנט קומען צו איר אין אָוונט אויף אָוונטברויט. זי קאן אייך

געבן א פאָטאָגראַפיע מיט א דעדיקאַציע, אָבער — מער נישט!

אויב זי האָט א מאַן און ער קומט גראַד אינמיטן אַריין — מיידט אים אויס, באַהאַלט אייך, זאָל ער אייך נישט זען, האָט נישט צו טאָן מיט קיין דייטשן! נאָר פונדערווייטנס!

אויב איר האָט ליב צו טאַנצן, קאָנט איר זיך דערלויבן צו גיין מיט דער דייטשקע אין האַנסינג. איר קאָנט אַריינכאַפּן א טאַנגאָ, א פאָקס־טראָט, אָבער דער עיקר — אַן ענגלישן וואַלס, וואָרום איר מוזט בסדר אונטערשטרייכן, אַז איר זייט אַן ענגלענדער. געדענקט: זייט נישט צו נאָענט מיט דייטשקעס, איר קאָנט זיין א דייטשקעס א פריינט, אָבער קאַלט! איר קאָנט זיין א דייטשקעס א הויז־פריינט, אָבער — קאַלט. איר קאָנט אפילו חתונה האָבן מיט א דייטשקע, — דאָס איז אייערס א פּריוואַט־זאַך, — אָבער קאַלט, און נאָכאַמאָל קאַלט!

מיט איין וואָרט: איר מוזט געדענקען, אַז די דייטשן זענען די יע־ניקע, וואָס האָבן די מלחמה פאַרשפּילט. זיי מוזן ליידן דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוואָלט ברענגען א פייער אויף דער וועלט. זיי מוזן איצט צאָלן פאַר אַלע שאָדנס.

מען טאָר זיי נישט לאָזן אויפהייבן די קעפּ, ווייל די דייטשן זענען געמיין און ביטערע. לאָמיר נישט דערפירן צו קיין נייער מלחמה, און דעריבער געדענקט: קאַלט, קאַלט און נאָכאַמאָל קאַלט! כ׳האָב געענדיקט...

# וואָס הערט מען איצט אין גיהנום?

## אַ רעפּאָרטאַזש אַזאַ

עס קאָכט איצט און זידט אין גיהנום. מ׳אַרבעט דאָרט אויף צוויי „זמיאַנעס״*). בייטאָג און ביינאַכט. אַזאַ סעזאָן איז שוין לאַנג נישט געווען. עס ברענט אַלץ אונטער די הענט. מ׳פּוצט, מ׳רוימט, מ׳שייערט. מיט איין וואָרט — אין הימל אַ יאַריד. פון אַלע זייטן שטראָמען קליענטן, נאָך אַ נס, וואָס ענגלאַנד ראַטעוועט אַביסל די סיטואַציע...

די אומגאַנגס־שפּראַכן אין גיהנום זענען איצט פאַרשידענע, אָבער די דייטשע שפּראַך דאָמינירט, ווייל די מערהייט באַשטייט פון דייטשן.

די דייטשע קליענטן האָבן שוין געלייגט אַ שטעמפּל אויף דער אינערלעכער אָרדענונג אין גיהנום. זיי האָבן שוין אפילו באַוויזן איינצופירן אַ ריי רעפאָרמען. קודם־כל האָבן זיי פון דער גיהנום־אַפּטייק אַראָפּגענומען די שילד „אַפּטייק״ און אויפגעהאַנגען אַ שילד מיט דער אויפשריפט „הייל!״־אַנשטאַלט. ביים באַגריסן זיך דערלאַנגט מען שוין נישט מער די האַנט, נאָר מען הייבט אויף די האַנט. די דאָזיקע רעפאָרם איז איינגעפירט געוואָרן בעת אַ פייערלעכער פאַרזאַמלונג. שוין ביי דער אָפּשטימונג האָבן אַלע געהויבן די הענט. אפילו מוסאָליני, וועלכער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען, האָט אויך, פון געוווינהייט, געהויבן די האַנט...

---

*) שיכטן.

ביים אריינגאנג פון גיהנום איז איצט די וואך פילפאכיק פארשטארקט געווארן. לאוואל האט געמאכט באמיאונגען איבערצונעמען דעם פאסטן אלס הויפט־קאנטראלער ביי דער טיר. די מערהייט האט זיך אבער קעגנגעשטעלט, ווייל מ'האט מורא, אז ער וועט נעמען לאפוועקע"*).

צו די הויפט-מחותנים פון גיהנום געהערן היינט־צו־טאג, פארשטייט זיך, מוסאליני און לאוואל.

די לעצטע טעג ווערט ביידנס פאזיציע אביסל שוואכער, ווייל מען ריכט זיך דא אויף א נייעם טראנספארט וויכטיקע לייט, וואס דארפן אנקומען פון נירנבערג. געוויי, ווען עס וועט אנקומען דער טראנספארט, ווייסט מען נישט, ווייל ס'איז איבערגעריסן די טעלעגראפישע ליניע (סאבאטאזש, מסתמא!) און קיין ראדיא הערט מען נישט אין גיהנום.

איך האב זיך נאכגעפרעגט, פארוואס ס'איז נישטא קיין איין ראדיאאפאראט אין גיהנום, האט מען מיר אויפגעקלערט, אז די סיבה איז א פשוטע: עס קומט נישט קיינער פון די פרישע מערב־געביטן אין פוילן.

אין צוזאמענהאנג מיט די קלאנגען, אז עס דארפן א ליאדע טאג אנקומען די אמתע „שישקעס", ווי: גערינג, שטרייכער, ריבענטראפ און אנדערע, — גייט דער טייוול ארום ווי אן א קאפ. עס ציטערט אויף אים די הויט, אז מ'וועט אים געבן דימיסיע, אדער ווי עס הייסט אויפן גיהנום-לשון, „דימיסיע־משונה" און מ'וועט ארויפזעצן עמיצן פון די נייע אויף זיין ארט. ער ווייסט, דער טייוול, אז ער איז א הונט אין פארגלייך צו יעדן איינעם פון זיי.

מיך האט פאראינטערעסירט, ווי אזוי עס האבן זיך אויפגעפירט אונדזערע „אלטע באקאנטע" גלייך אין ערשטן מאמענט, ווי זיי זענען נאר אנגעקומען אין גיהנום.

וועגן דער דאזיקער פראגע האט מען מיך געהייסן זיך ווענדן אין פרעסע־אפטיילונג. צו מיין גרויס פארגעניגן האב איך געטראפן אלס פרעסע־רעפערענט פון גיהנום אונדזער הארציקן גוטן באקאנטן יוזעף געבעלס.

געבעלס איז אין א זייער גוטער שטימונג. ער איז נאך אלץ אפטימיסמיש און האלט, אז די מלחמה איז נישט פארשפילט. ווען איך בין צו

*) שוחד.

אים אריין, האָט ער גראָד פאַרענדיקט אַ פלוג־בלעטלעך, וואָס זענען באַ־שטימט אויף אַראָפּצוואַרפן אַביסל אויף יאַפּאַן, אַביסל אויף אַרגענטינע און אַביסל אויף אַנדערע ערטער, עס ווענדט זיך, וווהין דער ווינט וועט פאַריאָגן...

— ווי זעט איצט אויס — האָב איך אים ווייטער געפרעגט — ביי אייך דאָ אין גיהנום די פּראָוויאַנטירונגס־פּראָגע?

— זייער גוט. פלייש האָבן מיר פון די יאַפּאַנישע קליענטן, וועלכע האָבן נאָכן פאַרשפּילן די מלחמה, געמאַכט מאַסנווייז כאַראַקירי. פיש פעלט אויך נישט, ווייל עס קומען־אָן טעגלעך די אמתע „קאַרפּן־קעפּ" און „העכט", און אחוצדעם זענען פאַראַן קאָנסערוון אַזויפיל, אַז עס וועט נאָך סלעקן און קלעקן.

— פון וואַנען האָט איר דאָ קאָנסערוון?

— פון „אונרא"!

— פון „אונרא"?

— נו, יאָ! וואָס, מען ווייסט דען נישט דאָרט אונטן ביי אייך, אַז דער גרעסטער טייל „אונרא"־פּראָדוקטן גייט פאַרן טייוול?

דאַן בין איך איבערגעגאַנגען אין מיין געשפּרעך צו דער פּראַגע וועגן מוסאָליני און לאַוואַל.

ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ בינטל איינצלהייטן:

מוסאָליני — האָט ער מיר דערציילט — איז אין גיהנום אַ גאַנצער מאַכער. די ערשטע טעג נאָך זיין אָנקומען האָט ער געהאַט שטאַרקע קאָפּ־ווייטיק; דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס מ'האָט אים געהאַנגען בעת דער עקזעקוציע מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. מער וועט ער נישט דערלויבן — האָט ער געזאָגט — אויף אַזאַ נאַרישקייט, ס'איז אַ שטאַרקע מאַטערניש, מ'קאָן חלשן. אַביסל שפּעטער איז ער געקומען צו זיך און האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער פאַרנעמט זיך מיט הייצן די גיהנום־אויוונס. ער האָט זיך אַליין אָנגעבאָטן צום דאָזיקן פּאָסטן, ווייל שטייענדיק אַ גאַנצן טאָג ביי קוילן, איז זייער פּראַקטיש צו טראָגן אַ „שוואַרץ העמדל"...

ביי אַלע קאָלעגן איז מוסאָליני זייער באַליבט. אין אָנהייב האָט מען אים געזאָגט „איר", ער האָט אָבער קעגן דעם פּראָטעסטירט און גע־הייסן, אַז אַלע זאָלן אים „דו"־טשען".

ווענן לאַוואַלן האָט מען מיר איבערגעגעבן אַט־וואָס:

לאַוואַל איז אָנגעקומען אין גיהנום זייער א מידער, כמעט א טויטער. ער האָט זיך געקלאָגט, אַז ער האָט דורכגעמאַכט א שטיק וועג: פון פראַנקרייך קיין שפאַניע, פון שפאַניע קיין פראַנקרייך און פון פראַנקרייך — אין גיהנום. די ערשטע צייטן איז ער געווען שטאַרק נידערגעשלאָגן, וואָס מ'האָט אים נישט באַגנעדיקט. ווען ער וויים פריער — האָט ער געזאָגט — אַז מ'וועט אים נישט באַגנעדיקן, וואָלט ער זיך נישט אריינגעלאָזט אין דער גאַנצער אוואַנטורע.

איצט פילט ער זיך שוין בעסער, אָבער פון צייט־צו־צייט מוז ער זיך נאָך אַלץ דערכאַפּן מיט אביסל „ווישי"־וואַסער.

דאַן האָט מיך געבעלם געפרעגט, וואָס מען הערט עפּעס אונטן, אויף יענער וועלט. — צי איז אמת — האָט ער מיך געפרעגט — וואָס מען שמועסט דאָ, אַז אויפן ענגלישן אָקופּאַציע־געביט איז אַזוי גוט?

— נישט יעדן — האָב איך געזאָגט — איז דאָרט אַזוי גוט, וואָרום נישט אַלע דאָרט זענען דייטשן.

פאַרן אוועקגיין האָט מיך געבעלם ארומגעפירט און געוויזן אַלע גיהנום־איינריכטונגען לויט דער נייסטער טעכניק, ווי: שמיים־אַפּטיילונג, טמאַלע־באַטאַליאָנען, ברען־אַפּאַרטאַמענטן, עלעקטרישע פּיראַמידן, גאַז־קאַבינען.

— נו? ווי געפעלט עס אייך? — האָט ער מיט שטאָלץ געפרעגט.

נאָך דער דאָזיקער פראַגע האָב איך זיך אַזוי הויך פונאַנדערגעלאַכט, אַז דער גאַנצער גיהנום־אַנסאַמבל איז זיך צוזאַמענגעלאָפן.

— וו אָ ס ווייזט איר מיר??? איך האָב דאָך דורכגעמאַכט אייערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווילט איר מיך איצט צעחושן מיט א ליאַדע נאַרישן גיהנום???

— פון וואָסער נאַציאָנאַליטעט זענט איר? — האָט ער אויסגעגלאָצט די אויגן.

— איך בין א ייד!

— א.. אַ... אַ... ייד?!

— יאָ. א ייד!

ער איז געפאַלן חלשות.

# דער קאָנצערט איז פאַרטיק!...

## הינטער די קוליסן

איינגנטלעך האָט די „נירנבערגער טרופּע" געזאָלט באַשטיין פון 24 אַקטיאָרן, אָבער אַזוי ווי איינער פון אַנסאַמבל (מאַרטין באָרמאַן) האָט באַקומען „טרעמע", האָט ער זיך צוריקגעצויגן און איז נעלם געוואָרן נאָך פאַר דער ערשטער פּראָבע.

עס טרעטן, אַלזאָ, אויף 23 קרעפּטן.

אַמבעסטן וואָלטן זיי זיך געפילט, ווען עס פאַרשווינדן נאָך צוויי אַקטיאָרן; די טרופּע וואָלט דאַן געשפּילט אין „איין און צוואַנציק".

די געהעריקע רעקלאַמע פאַר די נירנבערגער קינסטלער איז שוין צוגעגרייט נאָך מיט אַ צייט צוריק. די אַפישן זענען שוין געווען פונאַנדערגעקלעפּט און אַלע אָנטיילנעמער זענען געוואָרן אַנאָנסירט מיט גרויסע אותיות אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר וועלט־סטאַרן.

ווען די אַקטיאָרן זענען אָנגעקומען קיין נירנבערג, האָט מען זיי גלייך פאַרזאָרגט מיט באַקוועמע גאַרדעראָבן. יעדער איינער האָט באַקומען אַ באַזונדערע גאַרדעראָבע.

## ר ע פּ ע ר ט ו אַ ר

ס'איז געווען פאָראויסגעזען, אַז די טרופּע וועט ווייזן אַ טראַגעדיע אין אַ סך אַקטן. דער קאָלעקטיוו האָט זיך אָבער מיטאַמאָל מישב געווען, אַז מ'דאַרף אַראָפּנעמען די טראַגעדיע פון רעפּערטואַר, ווייל זי איז שוין

אָפּגעשפּילט. מ׳האָט דעריבער באַשלאָסן צו געבן אַ קאָנצערט, וואָס זאָל אַנטהאַלטן אַ געמישטן פּראָגראַם, ווי: קאָמעדיע, פּאַרס, וואָדעוויל, רעווי און אביסל צירק־טריקן.

## מען פאַרטיילט די ראָלן

ביים פונאַנדערטיילן די ראָלן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע מיט־גלידער פון דער טרופּע, פון ערשטן ביזן לעצטן, — זענען פעאיק צו שפּילן קאָמיקער. אַזוי ווי מ׳קאָן אָבער נישט אוועקשטעלן אַ ספּעקטאַקל מיט סאַמע קאָמיקער, האָט מען דעריבער איינגעטיילט די ראָלן אויף אַזאַ אופן, אַז יעדער איינער האָט אַן אַנדער זשאַנר, דהיינו:

רִיבענטראָפּ טרעט אויף אַלס ליבהאָבער;
פּאָן פּאַפּען שפּילט אַ שוואַרץ־כאַראַקטער;
מאַרשאַל קייטעל — אַ פּאָטער־ראַליסט;
געריננ — ערשטער קאָמיקער;
העס — פאַרלירט דעם זכרון;
קרופּ — פאַרלירט ס׳לשון, אַ זאַאיקע;
ראָזענבערג — אַ הייסער יידן־פריינט;
פראַנק —אַ קופּלעטיסט;
שאַכט — אַ פּראָפעסיאָנעלער חלשער;
שטרייכער — אַ וויינער.

די איבעריקע אַקטיאָרן האָבן אויף זייער איינענעם פאַרלאַנג באַקומען ראָלן אַלס סטאַטיסטן.

אַלס סופלאָר האָט זיך אַליין אָנגעבאָטן דער באַקאַנטער אַדוואָקאַט פון בערגען־בעלזען — „פריינט" ווינוווד.

## דער אינהאַלט פון די ראָלן

ריבענטראָפּ אַלס ליבהאָבער האָט זייער אַ גרינגע ראָל. ער שרייט די גאַנצע צייט, אַז ער איז פאַרליבט.

ער איז פאַרליבט אין דער דעמאָקראַטיע, אין גערעכטיקייט, אין פריי־

הייט, אין יושר, אין הומאניזם און אין אייביקן וועלט־פרידן.

פ אַ ן פ אַ פ ע ן אַלס שוואַרץ־כאַראַקטער שרייט כסדר, אַז ער האָט פיינט.

ער האָט פיינט דעם היטלעריזם, דעם פאַשיזם, דעם טעראָר, דעם האַקנקרייץ, די ראַסן־טעאָריע, די קרעמאַטאָריעס.

ווען זיין האַס־מאָנאָלאָג דערגרייכט אינעם לעצטן אַקט צו דער העכס־טער שטופע, רופט ער אויס:

— איך האָב די גאַנצע צייט געקעמפט קעגן די נידערטרעכטיקע פאַ־שיסטישע מעטאָדן, איך האָב געקעמפט און איך וועל ווייטער קעמפן. אדרבא, גיט מיר איצט פרייע הענט, וועל איך אייך נאָך ווייזן די רע־זולטאַטן פון „מ י י ן ק אַ מ ף".

ה ע ס האָט זייער אַ דאַנקבאַרע ראָלע: „איך געדענק גאָרנישט און טוט מיר עפּעס!" ער האָט פאַרלוירן דעם זכרון און צעהאַקט אים אויף שטיקלעך, — ער געדענקט נישט.

זיין דיאַלאָג זעט אויס אומגעפער אַזוי:

— וועגן וואָס זענט איר געפלויגן קיין ענגלאַנד?

ה ע ס : כ'געדענק נישט!

— ווער האָט אייך געשיקט?

— ס'איז מיר אַרויס פון זכרון!

— ווער איז געווען היטלער?

— כ'האָב געוווסט, נאָר כ'האָב פאַרגעסן.

— ווער זענען געווען די נאָענטסטע מענטשן פון היטלערן?

— אַ מבין, כ'קאָן מיך נישט דערמאָנען!

— ווער איז געווען היטלערס ווייב?

— אוי־ווי, זי ליגט מיר אויפן שפּיץ צונג!

ר אָ ז ע נ ב ע ר ג אַלס הייסער חסיד פון יידן האָט אַזאַ מאָנאָ־לאָג:

„א י ך היים ראָזענבערג, מיין טאַטע האָט געהייסן ראָזענבערג און מיין זיידע האָט געהייסן ראָזענבערג. איך בין דעם אַלטן ראָזנבערגס אַן אייניקל. מיין יידישן נאָמען האָב איך קיינמאָל נישט אויסבאַהאַלטן. אפילו אויף אַרישע פּאַפּירן האָב איך קיינמאָל נישט געוואָלט לעבן. קוקט נישט

דערויף, וואָס מען רופט מיך אַלפרעד ראָזענבערג, אין דער מעטריקע אָבער בין איך פאַרשריבן אַלס אַלטער ראָזענבערג. מיינע שונאים האָבן טאַקע דאָס אויסגענוצט און האָבן צו מיר שטענדיק געשריען: „אַלטער, נישט עלטער זאָלסטו ווערן!"

דאַן זינגט ער: „אַ ייד צו זיין איז טייער, אַ ייד צו זיין איז גוט".
אויף „בים" גייט דאָס לידל: „יידעלע מיין קרוין איז דאָס פינטעלע ייד" און ער פאַרענדיקט מיט אַ מצוה־טענצל.

ג ע ר י נ ג ס ראָל איז זייער אַ רייכע. ער איז קאָמיקער, בלאַזן, קלאָון, גולם. ער מאַכט זיך געפגרט, פּלוידערט, האַקט אַ טשייניק, מאַכט קונצן, שטעלט זיך אויף אַן אויער, מאַכט קאָזשעלקעס אַמאָל אויף רעכטס, אַמאָל אויף לינקס, שטעלט זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס — אַרויף, דראַפּעט זיך אויף די גלייכע ווענט און הינקט אונטער.

דעמאָלט דאַרף דער אַדוואָקאַט אים פרעגן:
— איר לאָמט שוין לאַנג?
גערינג ענטפערט דערויף:
— איך לאָם שוין ס'גאַנצע לעבן!
דאַן שטייט אויף פון פּלאַץ דער פאַרטיידיקער און זאָגט:
— איך בעט צו פּראָטאָקאָלירן, אַז מיין קליענט לאָמט ס'גאַנצע לעבן.
דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט א ו י ס ג ל י י כ ן מיט היטלערן!

ק י י ט ע ל אַלס פאָטער־ראַליסט האָט אַ קורצע ראָלע. ער זינגט „ווי, ווי זענען מיינע קינדער?" פּראָזע צום רעדן האָט ער זייער ווייניק. ער דאַרף מער קרעכצן ווי — רעדן. צום סוף דאַרף ער זאָגן: „האָטס רחמנות, כ'בין אַן אַ „דאַכאַאו" איבערן קאָפּ. אויב איר האָט נישט קיין רחמנות אויף מיר, אויף ק יי ט ע ל דעם טאַטן, טאָ האָסט רחמנות אויף די קליינע ק יי ט ע ל ע ך, וואָס כ'טראָג אויף מיינע הענט!"

ש אַ כ ט, וועלכער שפּילט די ראָל אַלס חלשער, דאַרף אַן אויפהער ספּאַזמירן. דאָנס פּ ר י ט ש ע, געבעלסעס פאַרטרעטער, דאַרף אים צו־שטעלן וואַסער און ל ע י דאַרף אויף אים גיסן.

ק ר ו פּ מאַכט זיך תמעוואַטע. ער שפּילט אַ שטומען. ער קאָן רעדן מיט די הענט, מיט די פיס, מיטן בויך, אָבער — נישט מיטן מויל. פּיסק־

מלאכה איז פאר אים א שוואך ארטיקל.

פ ר א נ ק, וועלכער טרעט־אויף אלס קופלעטיסט, באווייזט זיך די גאנצע צייט מיט איין שלאגער. ער זינגט: „בעלז, בעלז, מיין שטעטעלע בעלז".

שטרייכער האט א מעלאדראמאטישע ראל, אבער אינגאנצן אן טעקסט. ער דארף וויינען ווי א קליין קינד. טרערן דארפן זיך אים גיסן ווי פון אן עמער, אזוי, אז די פאדלאגע זאל ווערן פיטש־נאס, און מ'זאל קאנען אין זאל שווימען מיט לודקעס. ד ע נ י ט ץ דארף אים דערלאנגען טיכלעך צו די אויגן און ערנסט ק א ל ט ע נ ב ר ו נ ע ר דארף צונעמען די טיכלעך און טריקענען זיי.

צום שלום דארף שטרייכער זינגען דאס לידל: „ווו זענען מיינע 12 גוטע יאר?"

---

אט אזוי זעט אויס דער צונויפגעסטריגעוועטער קאנצערט פון די 23 סטארן.

מען מוז מודה זיין, אז די רעזשי איז א גאנץ אריגינעלע, אבער — אבער די פ י ע ס ע וועט נ י ש ט ג י י ן!...

# אַ גרוס פון נירנבערג

אַ געלעכטער אָן אַ זייט! לאָמיר אַמאָל זיין ערנסט. וואָס הערט מען מכוח נירנבערג?

מ'האָט גענומען מענטשן, אנטשולדיקט מיר פאַרן וואָרט „מענטשן", און מ'האָט זיי אַוועקגעזעצט אויף אַן אָרט, וואָס טראָגט דעם קאָמפּראָמיטירטן נאָמען „באַשולדיקונגס־באַנק", און — נישט אַהין און נישט אַהער.

צוערשט האָט מען געמאַכט אַ טומל: עס קומט! עס גייט! עס הייבט זיך אָן! ס'וועט זיין אַ משפּט אַזוינער און אַזעלכער!

און אַזוי ווי מ'האָט דאָ צו־טאָן מיט די שעפער פון בליץ־קריג, וועט מען זיי דאָך מסתמא מאַכן אַ בליץ־משפּט און ס'וועט זיין כיק־כיק, איינס און צוויי.

האָט מען דעריבער צוזאַמענגערופן אַ וועלט מיט קאָרעספּאָנדענטן, מ'האָט געבראַכט צו שלעפּן וואַגאָנען מיט אַקטן, מ'האָט אָנגעשריבן גאַנצע בערג מיט פּראָטאָקאָלן, מ'האָט שוין אַרויסגערופן גאַנצע עשאַלאָנען מיט עדות און עקספּערטן, און — אַ נעכטיקער טאָג!

אַלץ שלאָפט. דער טריבונאַל שלאָפט. ס'פּובליקום שלאָפט. די צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן שלאָפן. די באַשולדיקטע שלאָפן. די איינציקע, וואָס שלאָפן נישט, זענען בלויז די חסידים פון די באַשולדיקטע. עפּעס נייט עס אַזוי שלאַבריק, אַזוי שלעפּעדיק. גאַנץ נירנבערג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טשערעפּאַכע.

אַז מען שטעלט אַ באַשולדיקטן די פראַגע: „צי זענט איר זיך מודה?" — דויערט דאָס בלויז שטעלן די דאָזיקע פראַגע אַ גאַנצע וואָך. וואָרום יעדעס וואָרט פון דער פראַגע, פאַרנעמט אַ באַזונדערן טאָג. מאָנטיק

פרעגט מען „צי", דינסטיק פרעגט מען „זענט", מיטוואָך פרעגט מען „זיך", פרייטיק פרעגט מען „מודה", שבת גייט דער פראַגע־צייכן נאָך דער פראַגע, און זונטיק אַרבעט מען דאָך נישט; איין טאָג אין וואָך, פאַרשטייט איר דאָך אַליין, דאַרף דאָך רוען דער טריבונאַל, און אַזוי פּטרט מען אָפּ אַ וואָך פּראָצעס.

כ'רעד שוין נישט פון די זשורנאַליסטן, אָבער צווישן די באַשולדיקטע גופא הערשט דאָך אַ געוואַלדיקע אומצופרידנקייט. גערינג זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט: „כ'וואָלט מיר קיינמאָל אין לעבן נישט פאַרגעשטעלט, אַז מיינס אַ פּראָצעס זאָל זיין אַזוי נודנע!"

העס זאָל האָבן געזאָגט: „אויב ס'וועט ווייטער אַזוי גיין, נעם איך אַראָפּ פון זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט".

מען דערציילט, אַז שטרייכער האָט אַנומלט, שלאָפנדיק אויף די פאַר־האַנדלונגען, פּלוצים געגעבן אַ ווילדן קוויטש. ס'איז געוואָרן אַ סומאַ־טאָכע אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. מ'האָט אים באַשפּריצט מיט קאָ־לאָנסקע וואַסער און ס'האָט פאַרנומען אַ שפּאַר ביסל צייט ביז ער איז געקומען צו זיך.

ווען מ'האָט דערנאָך געפרעגט שטרייכערן: וואָס איז געשען? האָט ער געענטפערט:

— כ'האָב געהאַט אַ מיאוסן חלום. שלאָפנדיק איצט דאָ אַזוי, האָט זיך מיר געחלומט, אַז מ'האָט מיך פאַרמשפּט צום טויט. כ'האָב דעריבער אין מיטן דער עקזעקוציע געגעבן אַזאַ קוויטש.

די חברים האָבן באַרואיקט שטרייכערן:

— יולעק, ס'איז נישט געפערלעך! מאַך נישט קיין פּאַניק. ערשטנס, זעסטו דאָך, אַז עס האַלט נאָך נישט אַזוי שלעכט... און צווייטנס, ווען מ'זאָל דיך אַפילו יאָ פאַרמשפּטן, וועסטו שוין דעמאָלט זיין גאָר אַ זקן, אָדער אפשר נאָך בעסער, — וועסט שוין דעמאָלט האָבן לאַנג אויסגעלעבט דיינע יאָרן אין נחת און אין פרייד און שוין לאַנג האָבן געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

אָט אַזוי זעט אויס די שטימונג צווישן די באַשולדיקטע. זיי זענען ביי דער מיינונג, אַז מ'האַלט ביי באַגראָבן דעם פּראָצעס. דאָס פּובליקום אָבער איז ביי אַן אַנדער מיינונג. באַגראָבן דעם פּראָצעס — האַלט ס'פּוב־

ליקום — איז אן עבירה; זעט איר, די באשולדיקטע, — יאָ! מהיכא־תיתי, מיט פארגעניגן...

און דערפאר אפעלירן מיר צו אייך, הערן געשווירענע: ווערט אביסל לעבעדיקער, ווערט אביסל רירעווודיקער. איילט אייך אביסל צו! שטעלט אייך פאָר, ווען די אליאנטן וואָלטן געפירט די מלחמה אין אזא טעמפּאָ, ווי איר פירט דעם פּראָצעס, וואָלט מען נאָך איצט געהאלטן פאר דער מאָביליזאציע. צו וואָס האלטן אזוי לאנג אין שפּאנונג א וועלט און צו וואָס צונעמען אזוי לאנג ביי די באשולדיקטע אומזיסטע צייט? אין אזא לאנגע צייט וואָלטן דאָך די פארשוינעז אויף דער באשולדיקונגס־באנק געקאנט אויפטאָן מעשים!... וועלטן וואָלטן זיי דאָך שוין דורך אזא צייט איינגעלייגט!...

און דערפאר זאָגן מיר:

— מאכטס שוין ענדלעך א סוף, וואָרום ממה־נפשך, האלט מען זיי ביי הענגען, — דארף מען הענגען און פּטור אן עסק.

אָבער טאָמער, א קשיא אויף א מעשה, טאָמער דארף מען זיי נישט הענגען, נאָר — שיסן? מילא, זאָל זיין געשאָסן. אָבער מאכטס עס שנעל. אפשר קאנט איר נישט די קונץ. פרעגט־זשע זיך ביי די באשולדיקטע ווי אזוי מען מאכט עס. זיי קאָנען אייך דינען מיט אן עצה. איר האָט דאָך נישט צו טאָן מיט קיין דילעטאנטן. אלע, סאמע פאכלייט...

יאָ, ס'איז די העכסטע צייט צו פארענדיקן. איר האלט נאָך אלץ פון פאָרנט, און דארפן דארף מען שוין האלטן ביי „עלינו". מ'דארף געבן א שפּיי און זאָגן: טפו!

# אַ סוף צו די באַקוועמלעכקייטן!

אויף אַזאַ גאָלדן לעבן אין תפיסה האָבן זיך די גערינגנס מיט די שטרייכערס מיט די ריבענטראָפּס קיינמאָל נישט גערעכנט!

דער פּרעכטיקסטער פּענסיאָנאַט איז אַ הונט קעגן דער סאַנאַטאָריע, וואָס זיי האָבן אין תפיסה.

שטעלט אייך פֿאָר:

ערשטקלאַסיקע באַשפּייזונג.

פּראַכטפולע באַדינונג.

קאָמפאָרט־באַקוועמלעכקייטן.

און טאָמער איז דאָס ווייניק, — נאָט־זשע אייך פֿילמען אויך!

און דערפאַר טאַקע איז נישט קיין וואונדער, וואָס די נירנבערגער אַרעסטאַנטן לייגן איין וועלטן און זוכן אַלע מיטלען, אַז מ'זאָל זיי נישט הענגען. וואָרום זיי שטויסן זיך אָן, אַז נאָכן הענגען וועלן זיי שוין מער אַזעלכע באַקוועמלעכקייטן ווי אין תפיסה נישט האָבן.

אָבער ענדלעך האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז מ'האָט איבערגעצויגן ס'שטריקל. און מ'האָט דעריבער אין די לעצטע טעג שוין פֿאַרשטאַרקט אין נירנבערג דעם תפיסה־רעגולאַמין.

גאַנץ גוט אַזוי. אַ מצוה אויף זיי! זאָלן זיי ענדלעך פֿילן אויף דער אייגענער הויט, וואָס עס הייסט אַזוינס זיין אַ פֿאַרברעכער, און — אַ סוף צו די באַקוועמלעכקייטן!

קודם־כל האָט מען אונטערגעבערענגט אין די תפיסה־קאַמערן די טאָפּלטע קישנס אויף די געלעגערס פון די 20 באַשולדיקטע. מער ווי איין קישן טאָר זיך אויפן מאַטראַץ אין בעט נישט געפינען.

געריגג קלאָגט זיך אַפילו כסדר, אַז ס'איז אים האַרט צו שלאָפן, אָבער די תפיסה־מאַכט הערט אים נישט. מען זאָגט אים: „שלאָג דיר קאָפּ אָן קישן, מער ווי איין קישן באַקומסטו נישט. עס זענען פאַראַן — זאָגט מען אים — גרעסערע פאַרברעכער ווי דו און זיי האָבן אויך נישט מער ווי איין קישן. איבעריקנס, אַזוי ווי מען בעט זיך, אַזוי שלאָפט מען".

אויך ביים אָפּראַזירן די באַשולדיקטע איז איינגעפירט געוואָרן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג.

די פריזירערס האָבן באַקומען אַ שטרענגע פאַראָרדענונג נישט צו באַשפּריצן די אַרעסטירטע נאָכן ראַזירן מיט קעלניש וואַסער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס שמעקט זיי נישט.

פראַנק סטראַשעט, אַז עס וועט נישט אָנגיין גלאַטיק. ער וועט זיך איינגאַנצן נישט ראַזירן.

העס דראָט אויך, אַז ער וועט קומען אין אַ באָרד אין געריכטס־זאַל. די תפיסה־מאַכט שטעלט זיך אַקעגן און די מלחמה ענגט אויף אַ האָר...

די צייט פון באָדן זיך איז באַדייטנד באַגרענעצט געוואָרן.

קיינער פון די 20 באַשולדיקטע טאָר נישט זיצן אין שוויץ־באָד מער ווי איין שעה טעגלעך.

די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט, פאַרשטייט זיך, אַרויסגערופן גרויס פאַרביטערונג צווישן די באַשולדיקטע און זיי האָבן דערקלערט אַן איטאַליענישן שטרייק: מ'גייט יעדן טאָג אין באָד אַריין, מ'זיצט מיט פאַרלייגטע הענט אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס צו דער פאַרע און — מ'וואַשט זיך נישט.

נאָך אַ נס, וואָס עס מישן זיך אַריין ענגלענדער, וועלכע באַמיען זיך ריינצוואַשן די פאַרברעכער.

די גרעסטע מפּלה האָבן אָבער איצט די נירנבערגער אַרעסטאַנטן ביי דער באַשפּייזונג.

עס האָבן זיך געענדיקט די צייטן, ווען זיי האָבן אַריינגענומען אין די תפיסה־קאַמערן צו מיטאָג ווינער שניצלען מיט אייער. „שלום! ביסטו אַ פאַרברעכער, קאָנסטו עסן אַ ווינער שניצל אָן אייער!"

דער קאַקאַאָ צו פרישטיק ווערט שוין פון איצט אָן דערלאַנגט אָן צוקער. שלום! ביסטו אַ פאַרברעכער — ביסטו נישט חולה אליין זיך

צו צוקערן. אויפן טיש שטייט אַ וואַזע מיט צוקער? — יאָ! טאָ צוקער דיר אָן צעזעצטערהייט, קיינער איז נישט מחויב צו אַרבעטן פאַר דיר!

אויך די קאַמפּאָטן זענען שוין נישט די זעלבע ווי אין די ערשטע טעג. ווו שטייט עס, אַז פאַרברעכער מוזן עסן קאָמפּאָט פון מאַרינירטע פלוימען און באַרנעס? וויפיל מענטשן זיינען פאַראַן, וואָס עסן קאָמפּאָטן בלויז פון מאַנדאַרינקעס און פאָמעראַנצן און פונדעסטוועגן שטאַרבן זיי נישט!

וואָס אָנבאַלאַנגט סערוועטקעס ביים טיש, — זענען זיי איצט גאָר שטאַרק באַגרענעצט. ציין־שטעכער — באַגרענעצט.

אין משך פון די לעצטע טעג ווערן שוין אויך סאַרדינען, קאָנסערוון און פאַרשידענע סאַלאַטן צוגעטיילט לויט אַ נאָרמע. זייער ריכטיק. גענוג, אַז פוטער איז אָן אַ נאָרמע.

מיט הערן ראַדיאָ־אוידיציעס איז שוין איצט אויך נישט אַזוי פּויגל־דיק. ווילסט הערן ראַדיאָ? — ביטע זייער, אָבער נאָר אויף קורצע כוואַ־ליעס!

אָט אַזוי האָט זיך לעצטנס די תפיסה־מאַכט אַ נעם געטאָן צו די נירנבערגער פאַרברעכער.

נאָכמער, מען מאַטערט זיי לעצטנס אויך יעדן טאָג מיט זיצן אויף פילה־סעאַנסן. דערוויייל ווייזט מען זיי בלויז פילמען פון דייטשער פּראָ־דוקציע, אָבער זיי ווייסן גאַרנישט, וואָס עס גייט אויף זיי: אַ ליאַדע טאָג קומען שוין אויך אָן קיין נירנבערג טראַנספּאָרטן פון די נייסטע אַמעריקאַנער און ענגלישע פילמען.

מען שמועסט שוין אויך וועגן רעווי־פּראָגראַמען, עסטראַדע־נומערן, מוזיקאַלישע קאָמעדיעס און מוזיק־האָל. אַ מצוה אויף זיי, זאָלן זיי איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל אויך פילן דעם טעם פון פאַרברעכער.

און ווער שמועסט נאָך, אַז די תפיסה־מאַכט וועט זיך פעסטער צו זיי אַ נעם טאָן און מ'עט איינפירן יעדן טאָג אַ „פּייוו" און פון צייט צו צייט — אויך ראַאוטן און מאַסקנבעלער, — דאָ וועט מען זיי שוין איינ־גאַנצן אוועקלייגן.

אַ־אַ, מיר קילן זיך ס'האַרץ. אַ שיינע, ריינע כפּרה!

# ווי אַזוי איך וואָלט פאַרטיידיקט שטרייכערן...

**אַזאַ רעדע**

— הויכער טריבונאַל! צי גיט איר זיך אָפּ דין־וחשבון, וואָס דאָ קומט פאָר? איר האָט גענומען אַ קרישטאָל־ריינעם מענטש, אַ זיידענעם יונגנמאַנטשיק, אַ דימענט, אַ בריליאַנט פון ריינסטן קאַליבער און אים אָנגעקלאָגט אַלס פאַרברעכער!

ער אַ פאַרברעכער? ער, וועלכער האָט קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט! אַט פליען דאָ אַרום אין געריכט־זאַל פליגן, פרעגט, אדרבא, וועלכע פליג איר ווילט, צי זי האָט עפּעס קעגן שטרייכערן? — איך שווער אייך, אַז קיין איין פליג וועט קיין שלעכט וואָרט נישט זאָגן וועגן אים!

אָרעמער יולעק! זעט, הערן געשוואוירענע, ווי עס ריבענטראָפּן אים טרערן פון די אויגן!

מ'וואַרפט אים פאָר, אַז ער איז געווען היטלערס רעכטע האַנט. דאָס איז דאָך ממש אַן אַבסורדאַלער פאָרוווּרף.

געבעלס איז געווען היטלערס רעכטע האַנט, גערינג איז געווען די רעכטע האַנט, הימלער איז געווען די רעכטע האַנט, העס איז געווען די רעכטע האַנט און שטרייכער אויך די רעכטע האַנט?! אום גאָטעס ווילן, וויפל רעכטע הענט קאָן האָבן אַ צווייפיסיק באַשעפעניש?

לייגט אַוועק דעם באַשולדיקונגס־אַקט, הערן ריכטער, און שטודירט בעסער אַנאַטאָמיע, אַנאַטאָמיע שטודירט!

מ'וואַרפט אים פאָר, אַז ער האָט אויפן געוויסן מיליאָנען קרבנות. מאַלע וואָס מען וואַרפט אַלץ פאָר, ס'איז ביי מיר ריכטיק, אַז מ'זאָל אים פאָרוואַרפן, אַז ער איז געווען אַן אַנטיסעמיט אויך! אדרבא, זאָגט מיר, הערן ריכטער, ווי אַזוי קאָן מען האָבן מיליאָנען קרבנות אויפן געוויסן, אויב מ'האָט אינגאַנצן קיין געוויסן נישט? איך בין אייך גרייט צי באַווייזן רעיענטאַליש, אַז ד ע ר מענטש האָט אינגאַנצן קיין געוויסן נישט; און אויב מ'האָט נישט קיין געוויסן, קאָן מען דאָך במילא גאָרנישט האָבן אויפן געוויסן. אָט דאָס איז דאָך אַ פיזיש געזעץ!

לייגט אַוועק דעם באַשולדיקונגס־אַקט, הערן ריכטער, און שטודירט בעסער פיזיק, פיזיק שטודירט!

יאָ, מ'וואַרפט דאָך אים פאָר, אַז דערמאָרדנדיק מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, האָט ער דערביי צוגערויבט זייער האָב און גוטס און פון דער צוגערויבטער פרעמדער פראַצע האָט ער זיך דערווייל געקויפט אַ פאָלוואַרקל פאַר עפּעס אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט און זיבעציק טויזנט מאַרק.

נו, דאָ קאָן מען דאָך שוין פשוט פּלאַצן פון אויפרעגונג. גוט. מסכים. לאָמיר זאָגן, עס שטימט. נו, איז וואָס־זשע? זאָגט אַליין, הערן ריכטער, וואָסער ווערט האָט היינט צו טאָג דייטשע וואַליוטע? נעמט אַ בלייַשטיפט אין האַנט און באַרעכנט אויף טשעקאָוועס, וואָס מ'קאָן היינט באַקומען פאַר נישטיקע 1.370.000 מאַרק?!

לייגט אַוועק דעם באַשולדיקונגס־אַקט, הערן ריכטער, און שטודירט בעסער מאַטעמאַטיק, מאַטעמאַטיק שטודירט!

אָדער למשל, ווי קאָן מען קאַטעגאָריש אויסהערן אַזאַ פאָרוואורף, אַז שטרייכער איז געווען איינער פון די הויפּט־פילאָרן אין היטלערס פּאָליטיק? „שטרייכער" און „פּאָליטיק" דאָס זענען צוויי קעגנגעזעצטע באַגריפן! כ'רעד שוין נישט דערפון, וואָס ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון דער היטלעריסטישער פּאַרטיי. קוקט נאָך דאָס פּאַרטייביכל, וועט איר זען, אַז פון מאַי ה. י. אָן האָט ער אפילו קיין מיטגלידס־אָפּצאָל נישט איינגעטראָגן! אָבער אפילו געזעלשאַפטלעך איז ער נישט געווען אַנגאַזשירט. דער איינציקער אמת, וואָס ער האָט פאַרנומען, איז געווען ערן־מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער „געזעלשאַפט צו שטיצן

אָרימע קימפּעטאָרינס". אָבער אויך פון דאָרט איז ער אַרויסגעטראָטן צוליב ריין־פּרינציפּיעלע טעמים. ער איז געווען אַ קעגנער פון געבורטן צוליבן מאַנגל פון לעבנס־רוים. אָבער וואָס שייך פּאָליטיק, גאַראַנטיר איך אייך, אַז ער האָט די האַנט אין קאַלטן וואַסער נישט געטאָן. ער איז געזעסן יומם־ולילה איבערן „שטרייכער" און געאַרבעט מיט די „זייטן".

וואָס, איר גלויבט נישט? טאָ לייגט אַוועק דעם באַשולדיקונגס־אַקט, הערן ריכטער, און שטודירט בעסער דעם „שטירמער". דעם „שטירמער" שטודירט!

און נאָך אַלאַרמירט דער באַשולדיקונגס־אַקט, באַשר־בכן שטרייכער איז געווען אַ מענטש פון די געמיינסטע און ווילדסטע אינסטינקטן.

ס'אַ ליגן, און נאָכאַמאָל אַ ליגן!

ס'איז דאָ אַ כּלל: „אַז מען עסט נישט קיין קנאָבל, א י נ ס ט י נ ק ט נישט פון מויל!" ער האָט קיין שום געמיינזאַמעס נישט געהאַט מיט די אַלע געשעענישן, וואָס האָבן — ווי מ'זאָגט — געבושעוועט בשעתן היטלער־רעזשים. שטרייכער איז געווען אַן אויסנאַם. צי ווייסט איר כאָטש, וואָסער גאַסטפריינטלעכע נשמה ער האָט? ביי אים איז שטענדיק געווען אַן אָפן הויז און ווער עס איז אַריינגעקומען, האָט מען מער נישט געהערט ווי: עס־עס! עס־עס! און עס־עס! — אַזאַ מכנים־אורח איז דאָס געווען!

און איצט ווילט איר נעמען אַזאַ מענטש און אים פאַרמשפּטן?! געדענקט, אַז דאָס איז די אומשולד אַליין, דאָס איז די גערעכטיקייט אַליין. נאָר נישט מער, די גערעכטיקייט איז בלינד און האָט פאַרשטעלטע אויגן, דאַרף מען אים אויך אויסשטעכן די אויגן און זאָל מען זען ווי די גערעכטיקייט זעט אויס!...

געדענקט, הערן ריכטער, וואָסער ריזיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איר נעמט אויף זיך. געדענקט, אַז אויב מ'וועט דעם באַשולדיקטן שיסן אָדער הענגען, וועט ער עס נישט איבערהאַלטן. ער קאָן זיך נאָך, חלילה, אַ מעשה אָנטאָן!

און אַחוץ אַלעם, נעמט אין אַכט, הערן געשווירענע, דעם געפערלעכן געזונט־צושטאַנד פונעם באַשולדיקטן. לויט ווי ספּעציאַליסטן האָבן עס פעסטגעשטעלט, ליידט ער איצט פון אַ סך גאַזן, און לויט ווי ער אַליין שטעלט פעסט, איז ער גייסטיק קראַנק, פּראָסט־פּשוט: משוגע.

וואָס, איר גלויבט נישט, אַז ער איז משוגע? — מ׳זעט עס דאָך באַ־שיינפּערלעך. ווארום שוין דער פאַקט אַליין, וואָס ער מיינט דורך משוגעת זיך ארויסצודרייען פון אורטייל, — דאָס אַליין איז שוין דער בעסטער באַווייז, אַז ער איז טאַקע משוגע!...

אַלזאָ, גענוג! מיין מיינונג איז, מ׳דאַרף יוליוסן אויסשטרייכערן פון דער ליסטע, און אַ ווייסטער סוף צו די בלבולים, דאָס געמלעכע פון שטריי־כערן צו הערן!

# מיין הספד נאָך גערינגן

...און גערינג האָט זיך גענומען דאָס לעבן!

אמת, ער האָט אונדז פאַרשטערט די שמחה... אוודאי וואָלטן מיר געפילט אַ בעסערן טעם און געהאַט מער נחת, ווען מען שיסט אים אַביסל, ווען מען הענגט אים אַ קאַפּיטשקע, ווען מען רייסט פון אים שטיקער, ווען מען טרייבערט פון אים יעדעס גליד, ווען מען פאַרברענט אים און מען וואַרפט דערנאָך אַריין זיין ביסל אַש אין אַן אומריין אָרט...

ס'איז אויך אמת, אַז דאָס חזיר לעבט נאָך. גערינג איז נישט מער ווי איין האָר פון חזיר, אָבער גוט איז פון אַ חזיר אַפילו אַ האָר אַרויס־צורייסן.

ווער עס האָט געליפערט דעם טייוול־זעליקן הערמאַן גערינג — סם, איז נישט באַוווּסט. או מיט נירנבערגס הילף — וועט מען זיך עס נישט דערוויסן. סיידן דער תכשיט וועט שרייבן מעמואַרן אויף יענער וועלט און די פּרעסע אויף דער ענגלישער זאַנע וועט זיי איבערדרוקן אין פאַר־זעצונגען. ווייל לויט ווי מיר זען, איז דאָרט כסדר — פאַרזעצונג קומט.

אָבער אַזוי צי אַזוי, אַפּעלירן מיר צו גערינגס חשובן סם־ליפעראַנט, אַז ער זאָל נישט זשאַלעווען קיין סם און פאַרטיילן די געהעריקע פאַר־ציעס פאַר נאָך קאַנדידאַטן. און קאַנדידאַטן זענען פאַראַן אַזוי פיל, אַז עס איז אוממעגלעך זיי אַלע אויסצורעכענען אין אַזאַ קליינטשיק הספדל. ס'איז ווייניק פּלאַץ, דערויף דאַרף מען האָבן אַ סך, אַ סך בענדער...

און כאָטש מיר ווייסן נישט, ווו גערינגס פּעקל פאַרפוילטע ביינער רוען, איז אָבער דאָך נישט יושרדיק איבערצולאָזן זיין קבר אָן אַ מצבה. ווי שייך וועט צווישן די געציילטע פּאַרטרוויאַונגס־מענטשן, וועלכע קענען

ס. גודעלמאן

יאָ זיין קבר, זיך נישט געפינען כאָטש איין פאַרשטייערין פון שיינעם מין, פון פרויען־געשלעכט? און אויב עס וועט זיך נאָר געפינען איין פרוי, וואָס וועט יאָ וויסן דעם סוד, וועט דאָך דער סוד שוין במילא פּלאַצן...

און דערפאַר איז כדאי צוצוגרייטן אַן אויפשריפט אויף אַ מצבה. ווי געפעלט אייך, למשל, אַזאַ אויפשריפט:

אָט ליגט ער, געוועזענער דער פליער,
ער ליגט ווי אַ פריץ און גיט זיך נישט קיין ריר.
ס'איז אים אויסגעגאַנגען דער מאָטאָר!
און דעם בויך מיט די מעדאַלן ווו האָט ער?
געווען אַמאָל אַ שישקע און דאָס אויבערשטע פון שטייסל,
ער האָט געוואָלט איינשלינגען די ווייסל,
מיט דער וואָלגע, מיטן דניעפּראָסטראָי, —
האָט מען אים געזאָגט: „דאַלאָי"!
ער האָט זיך געריכן צום לאַ מאַנש איילינק,
האָט ער באַקומען אַ זבענק אין הינטערשטן חלק;
איצט ליגט ער אויף די לאָפּאַטקעס, אויף ביידע,
ווענן אויפהויבן זיך, גייט שוין אַפילו אַ ריידע...
אָבער — נישט מיטן פלאָט, נישט — מיט באָמבאַרדירער.
דאָס האָט זיך געענדיקט, צוזאַמען מיטן פירער!...
דער פלאָט איז צעטראַסקעט אין פאַרשידענע מקומות,
אַ ביסל אין אוקראַינע, אַ ביסל — ביי רוים איז,
אַ ביסל ביים דונאַי, אַ ביסל ביי דער דווינע,
אַ ביסל האָט איינגענומען אַ מיתה משונה.
און די איבערגעבליבענע קוואָטע —
ליגט אין שמעלץ, ליגט אין בלאָטע.

אונ דעריבער ראַטן מיר דיר, יעקע,
אויב פליען, איז — נאָר מיט דער אונטערערדישער שטרעקע,
קאנסט פליען צו דעם, קאנסט פליען צו יענעם.
דיין וועג איז אַ גלייכער: „פראַנקאָ„ ־ גיהנום.
איצט ביסטו אוים קנאַקער, אוים צעלייגער,
איך שטיי דאָ, און דו ליגסט ווי אַ פגר.
קאנסט שרייען און בעטן: אוי פירער, אוי פאָטער!
נאָר מ'האָט דיך אין דר'ערד, מ'הערט דיך ווי דעם קאָטער!

# די קאָנפערענץ פון דריי...

## אַ טראַגי־קאָמעדיע אין איין אַקט

פערזאָנען:

אַ געוויסער פראַנץ פאָן פּאַפּען, — אַ טיפּ מיט אַ מיאוסער פאַרגאַנגענהייט.

אַ געוויסער היאַלמאַר שאַכט, — אַ טיפּ מיט אַ געמיינער פאַר־גאַנגענהייט.

אַ געוויסער האַנס פּריטשע, — אַ טיפּ מיט אַ שוידערלעכער פאַרגאַנגענהייט.

אָרט: אין אַ דייטשער קאַפע, ביי אַ גלעזל ביר.

צייט: 10 מינוט נאָכן נירנבערגער אורטייל.

---

אַלע דריי (זינגען): „אין דער היימאַט, אין דער היימאַט, דאַ איז עס וווּנדערשען!"...

פאָן פּאַפּען: טרינקט, טרינקט ביר, קאַמעראַדן... איך בין איצט אין אַזאַ גוטער שטימונג, אַז איך וואָלט אויסגעטרונקען אַ גאַנץ האָרסט פעסל ביר.

שאַכט: כאַ־כאַ־כאַ... אוי, מיינע זייטן!

פּריטשע: דו לאַכסט? אוודאי, מען מעג לאַכן... ס'איז בע־

סער, אז מיר לאכן, איידער מ׳וואָלט געלאכט פון אונדז... אפשר נישט אזוי, שאכט?

ש א כ ט : שאכטס מיך און כ׳ווייס נישט, פארוואָס מען האָט אונדז באפרייט...

פ אָ ן פ א פ ע ן : שא, רעד נישט אזוי הויך, ווענט האָבן אויערן!

ש א כ ט : האָב נישט קיין מורא, פאפען, ווענט האָבן טאקע אויערן, אבער מיר האָבן פלייצעס...

פ ר י ט ש ע : פלייצעס־שמייצעס, געריננג האָט אויך געהאט פלייצעס, און...

ש א כ ט : ניין, געריננג האָט געהאט א בויך!

פ אָ ן פ א פ ע ן : איך טראכט אזוי, וואָס וואָלט איצט געווען, ווען געבעלס לעבט...

ש א כ ט : דאָס זעלבע וואָס מיט דיר און מיט מיר. ער וואָלט איצט דאָ געזעסן מיט אונדז און געטרונקען ביר...

פ ר י ט ש ע : זאָל זשע אונדז דאכטן, אז ער לעבט און לאָמיר דאָ אוועקשטעלן געבעלסן ביי אונדזער טישל אן ערן־בענקל. ער האָט זיך עס כשר פארדינט. קעלנער, איין בענקל!

פ אָ ן פ א פ ע ן : און הימלערן וואָס פארשעמט איר? זאָל זיך אונדז דאכטן, אז הימלער איז אויך צווישן אונדז. קעלנער, נאָך א בענקל!

פ ר י ט ש ע : אזוי? זייער שיין פון אייער זייט. און פראנק, מיינט איר, איז א הונט? און שטרייכער, קלערט איר, האָט זיך געשמדט? קעלנער, נאָך צוויי בענקלעך!

ש א כ ט : נאָך דריי! פאר אונדזער פירער אויך. קעלנער, דריי בענקלעך!

פ ר י ט ש ע : נאטירלעך, נאטירלעך. פאר היטלערן אויך. ביטע, נעמען זי פלאץ הער פירער! נו, און איצט האָבן מיר שוין, הייסט עס, כמעט ס׳גאנצע געזינדל. לאָמיר־זשע צוזאמען אָפּהאלטן א זיצונג. די ערשטע זיצונג אין אונדזער היימאט.

פ אָ ן פ א פ ע ן : ריכטיק, א שאָד צו פארלירן צייט. שוין באלד א האלבע שעה ווי מיר זענען פריי. — און מיר זיצן מיט פארלייגטע הענט. פאמעראדן, מ׳דארף עפּעס טאָן. קוקטס ארויס דורכן פענצטער און זעטס

זוי אונדזער פאטערלאנד איז רואינירט. נישטא קיין איין דאך.

פ ר י ט ש ע : ...און קיין איין דאכאו...

ש א כ ט : מ'דארף אויפלעבן אונדזער פאטערלאנד, איידער אונד־יער האקענקרייץ ווערט פארראסטעט...

פ א פ ע ן : „אויפלעבן"? ס'איז גרינג צו זאגן „אויפלעבן". די פארטיי איז נישטא.

ש א כ ט : וועט זיין!

פ א פ ע ן : ...די עס־עס איז נישטא!

ש א כ ט : פיש, פיש, — ס'וועט זיין עס־עס!

פ א פ ע ן : ...קיין היטלער־יוגנט נישטא, קיין קינדער נישטא!

ש א כ ט : מ'עט שוין מאכן! מ'עט שוין מאכן! לאמיר פארטיילן צווישן זיך די ראלן. פריטשע, דו נעם אויף זיך די פראפאגאנדע. וועסט ווייטער רעדן דורכן ראדיא.

פ ר י ט ש ע : כ'האב דאך אבער, באלד נאכן אורטייל, צוגעזאגט, אז מער וועל איך זיך שוין מיט פאליטיק נישט פארנעמען?!

ש א כ ט : האסטו געזאגט! ס'איז נישט דיין ערשטער ליגן און ס'איז נישט דיין לעצטער ליגן! און דו, פאן פאפען, וועסט אויפשטעלן די יוגנט?

פ א פ ע ן (וויל זיך אויפשטעלן): איי, כ'קען מיך אליין נישט אויפשטעלן, הייסטו מיר נאך אויפשטעלן די יוגנט?

ש א כ ט : וועלן מיר דיר צוהעלפן.

פ ר י ט ש ע : „מיר"? מיר לעבן דאך קוים... עפעס א ווערטעלע, אזא פראצעס...

ש א כ ט : וואס קלאגסטו זיך אויפן פראצעס? האסט צוגעלייגט די באבעס ירושה צום פראצעס, הא?

פ ר י ט ש ע : און טאמער משפט מען מיך נאך א מאל?

ש א כ ט : וועט מען דיך נאך א מאל באפרייען. מער ווי באפרייען קאן דאך נישט זיין!...

פּריטשע: און וואָס וועט די וועלט זאָגן?

שאַכט: וואָס האָסטו צו הערן, וואָס די וועלט זאָגט? זאָל בע־סער די וועלט הערן, וואָס דו זאָגסט! (ווענדט זיך צו פּאַן פּאַפּען) און וואָס נעמסטו אויף זיך, פּאַפּען? אפשר די „עס־עס"?

פּאַפּען: ניין! צו שווער פאַר מיינע כוחות. גיי בוי איצט אויף אויפסניי אזא ריזיקע אינסטיטוציע. ווו וועל איך איצט ווערבירן נייע עס־עס־לייט?

שאַכט: דומער קאָפּ! ווער דאַרף ווערבירן נייע? מ׳דאַרף נאָר זען, אַז די אַלטע זאָלן בלייבן, וועט שוין אויך זיין גענוג!...

פּאַפּען: דאַרף מען דאָך זיי באַוואָפענען!

שאַכט: פערד! צו וואָס באַוואָפענען, אַז מ׳איז נישט אַנט־וואָפנט!

פּאַפּען: נו, שוין, זאָל זיין! פּריטשע ווערט פּראָפּאַגאַנדע־מי־ניסטער, איך נעם איבער די עס־עס, און דו, שאַכט?

שאַכט: די פינאַנצן! דאָס באַנק־וועזן!

פּאַפּען: יאָ, דאָס איז, אייגנטלעך, נישט קרום. עס לייגט זיך אויפן שכל. אויב ס׳איז דיר געגאַנגען גוט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, פאַרוואָס זאָל דיר נישט גיין גוט אין דער רייכס־באַנק...

שאַכט: אַלזאָ, קאַמעראַדן, מיר האָבן שוין עפּעס אויפגעטאָן. די אַמטן זענען פאַרטיילט! שאַ... שאַ... שאַ... אָן סאַמע וויכטיקסטן האָבן מיר פאַרגעסן. און וואָס טוט מען מיט דער יידן־פראַגע?

פּריטשע: ע, דאָס איז קוואַטש! וויפל יידן זענען דען פאַר־בליבן? יעדער איינער פון אונדז קען נעמען אויף זיך עטלעכע מיליאָן, און — שוין!...

פּאַפּען: איי, איי, איי, איצט זעט מען, אַז שטרייכער און הימ־לער זענען נויטיק. (ווענדט זיך צו די לייזיקע בענקלעך אַרום טיש) שטרייכער! הימלער! ווו זענט איר?!

שטימע פון ערגעץ: זאָרגט נישט! מיר בלייבן שטענדיק מיט אייך!...

שאכט: איר הערט? „זאָרגט נישט, מיר בלייבן שטענדיק מיט אייך”. (שרייט צוריק) מיר דאנקען אייך, הייליקע גייסטער! מיר בלייבן אויך שטענדיק מיט אייך!... נו, קאמעראַדן, מיר שליסן די זיצונג. א שאַד יעדע מינוט. מען דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט, קומט!

פאפען: קומט!... יאָ, אָבער פריער דאַרף מען דאָך צאָלן!

שאכט: אוודאי מוז מען צאָלן!

פ'ריטשע: וואָס וועט טאַקע זיין מיטן צאָלן?

פאפען: א לײדיקער פּאָרטפעל!

שאכט: איר קאָנט מיך הענגען פאַר א פעניג.

פאפען: שאכט, דו ביסט דאָך פינאַנץ־מיניסטער, צאָל!

פריטשע: שאכט, גיב דעם קעלנער א „הייל היטלער” און זאָל ער דיר געבן א רעשט...

שאכט: באַלד, באַלד, פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער, א בליישטיפט און א שטיקל פּאַפּיר! (פריטשע דערלאַנגט אים.)

פאפען: וואָס שרייבסטו דאָרט, שאכט?

שאכט: א טשעק פאַרן קעלנער.

פריטשע: יאָ — א טשעק!... אָבער ווער וועט צאָלן?

שאכט: קומט קאַמעראַדן, מ'עט שוין צאָלן. דייטשלאַנד איז נאָך נישט פּליטה, און אויב מען גלויבט אונדז נישט, — וועט ענגלאַנד פאַר אונדז גוט־זאָגן!... קומט.

אלע דריי (זינגען ארויסגייענדיק): אין דער היימאַט, אין דער היימאַט, דאָ איז עס וואונדערשען”...

(פאָרהאַנג פאַלט. די מענטשהייט — אויך.)

# יידן האָבן אין געטאָ אויך געלאַכט...

ווי אומגלויבלעך עס זאָל נישט זיין, ווי אויסטערליש עס זאָל נישט קלינגען, איז עס דאָך אַ פאַקט, אַז אין די שווערסטע טעג, וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט אין די געטאָס און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, איז ביי אַ גרויסן טייל יידן דער חוש פאַר הומאָר נישט פאַרשוווּנדן.

פאַרקערט, דווקא אין די חושכדיקע טעג, אין די טעג פון אַקציעס און כאַפּעריייען, אין מאָמענטן ווען דער מלאך־המות איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל און פון לעבן ביזן טויט איז געווען נישט מער ווי איין שריט, — דווקא דעמאָלט האָט אַ גלייכווערטל, אַ וויץ אָדער אַ זאָגעכצל אויפגעהייטערט די יידן און געווירקט ווי אַן איינשפּריצונג. עס האָט געשטאַרקט דעם אָפּטימיזם, דעם בטחון און די האָפענונג, אַז עס בלייבט נאָך נישט אַזוי, „עס קאָן אַזוי נישט זיין", „עס מוז קומען די ישועה".

ווען היטלער איז געווען אויפן פערדל און האָט איינגענומען איין לאַנד נאָכן צווייטן, האָבן זיך יידן דעמאָלט צווישן זיך געטרייסט:

— ס'מאַכט נישט אויס! היטלער איז אַ בטוח, מ'קאָן האָבן צו אים צוטרוי, אַז ער נעמט — גיט ער צוריק...

עס זענען אַנטשטאַנען וויצן צוליב רעזיגנאַציע, צוליב יאוש, צוליב דער אינערלעכער איבערצייגונג, אַז עס איז שוין אַלץ איינס. דער גורל איז שוין געחתמעט. ס'וועט שוין סיי ווי גאָרנישט העלפן.

אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען אַ פּאָפּולער לאָקאָמאָציע־מיטל, וואָס האָט זיך גערופן „ריקשע". דאָס איז געווען אַ וועליסאַפּעד־וועגעלע מיט פּאַסאַזשירן.

צוויי אזעלכע ריקשעס פארן זיך אין מיטן העלן טאג אקעגן. שרייט אראפ פארנדיק איין פאסאזשיר פון איין ריקשע צום צווייטן פאסאזשיר פון דער צווייטער ריקשע:

— שלמה, וואס הערט מען ביי דיר?!

— גארנישט — שרייט דער צווייטער הויך — איך באהאלט זיך אוים!

עס איז נישט דאס פלאץ דא איבערצוגעבן די גאנצע הומאר־ און וויצן־ליטעראטור, וואס איז „ארומגעגאנגען" (פארשטייט זיך, בעל פה) אין די געטאס און אין די קאנצלאגערן. איך וויל דא בלויז איבערגעבן א בינטל פון דעם דאזיקן ארט גאלגן־הומאר.

עס איז געווען א ספעציעלע קאטעגאריע „נקמה"־וויצן. יידן זענען געווען אומבאהאלפן צו נעמען נקמה מיט געווער אין די הענט, — האט מען אויסגעלאדנט די „נקמה" מיט וויץ־געווער, אויב נישט מיט גראנאטן, האט מען מיט וויצן געוואלט אוועקלייגן דעם דייטש אויף ביידע לאפאטקעס.

אין ווארשעווער געטא, למשל, האבן קורסירט לידלעך, פון אומבאקאנטע מחברים, די לידלעך, אגב, זייער פרימיטיווע, געהערן טאקע צו דער דערמאנטער קאטעגאריע נקמה־הומאר. איך ברענג דא איינס פון די דאזיקע לידלעך.

וואס דארפן מיר וויינען,
וואס דארפן מיר קלאגן,
מיר וועלן נאך פראנקן א קדיש נאך זאגן.
בירי־בי, באם־באם־באם.
בירי־בי, באם־באם־באם.

לאמיר זיין פריילעך און זאגן זיך וויצן,
מיר וועלן נאך היטלערן שבעה נאך זיצן.
בירי־בי, באם...

לאמיר זיך טרייסטן, די צרות פארגעסן,

עס וועלן די ווערעם נאָך היטלערן פרעסן.
בירי־בי, באם...

די שונאים, וואָס פירן אונדז דאָרט קיין טרעבלינקע,
זיי וועלן דאָך ווערן אין דר'ערד איינגעזונקען.
בירי־בי, באם...

מיר וועלן צוזאמען נאָך אָרעם ביי אָרעם
אימערטשישעם טאנצן אויף דייטשע קברים.
בירי־בי, באם...

אַט אַזעלכע לידלעך זענען געווען אַ סך אין די לאַגערן און אין די געטאָס. זיי זענען געגאַנגען פון מויל צו מויל, זיי זענען געווען פּאָפּולער, כאָטש מען האָט זיי געזונגען, פאַרשטייט זיך, שטרענג געהיים, אויפן אויער.

אין וואַרשעווער געטאָ איז באַקאַנט געווען אַ פּאָלקס־ליד, מיטן נאָמען רובינשטיין. ער האָט געמאַכט אויף כוח לאַכן די פאַרחושכטע וואַרשעווער יידן. ער איז אַרומגעלאָפן אַ לוסטיקער, אַ פרייליכער, געשיט מיט ווערטלעך מעניני דיומא. דערביי אָבער נאָכן אָפּזאָגן דעם וויץ האָט ער טיילמאָל איינגערוימט אין אויער זיין צוהערער: „טאַטע, דו לאַכסט, ס'אַ קלאָג צום געלעכטער!"...

יידן האָבן אים אונטערגעשטיצט, געגעבן נדבות, אָבער ביי געלעגנהייט האָט ער אַפילו די מנדבים אויך אַריינגעזאָגט. אַז מ'האָט אים געגעבן אַ צו־קליינע מטבע, האָט ער געזאָגט:

— „וואָס גיט איר מיר אַ צווייער? אַ צווייער ליגט אין דר'ערד, אַ דרייער ליגט אין דר'ערד, אַפילו דער פירער ליגט אויך אין דר'ערד!"

ווען רובינשטיין האָט געזען אויף אַ גאַס אין געטאָ אַן עגלה אָנגעלאָדן ביז אויבן־אַרויף מיט מתים, פלעגט ער צוגיין נאָענט און שרייען צו די מתים:

— געדענקט, חברים מתים, אַז נאָך דער סמאַטשע גאַס גייט דער וועג באַרג־אַראָפּ, זייט פאָרזיכטיק! „האַלטס ענק גוט!" און באַלד

דערנאָך האָט ער איינגערוימט דעם בעל־עגלה: „יאָ, פּעטערשי, ס'איז ווי יענער האָט אַמאָל געזאָגט, חתן מאַכט דיר אַ לב"...

רובינשטיינס ווערטלעך זענען גלייך אויפגעכאַפּט געוואָרן דורך די וואַרשעווער יידן. בעת עס איז אַרוים עפּעס אַ נייע גזירה, האָבן וואַרשעווער יידן געפּלעגט פרעגן:

— וואָס זאָגט עפּעס דערצו רובינשטיין?

יידן אין פּוילן זענען געווען פאַרביטערט, וואָס די אַמעריקאַנער ברידער און שוועסטער האָבן נישט איינגעלייגט וועלטן, כדי צו קומען זיי צו הילף. מ'האָט געוואַרט, מ'האָט געהאָפט. רובינשטיין האָט וועגן דעם געזאָגט:

— מילא, אַז עס אינטערעסירט זיך נישט מיט אונדז נישט די וועלט און נישט יענע וועלט, דאָס קאָן איך נאָך פאַרשטיין, אָבער רוז־וועלט, ווו איז?

עס איז געווען אַ סעריע עזותדיקע וויצן. וויצן וועגן דעם, ווי יידן האָבן עזותדיק אָקעגנגערעדט די דייטשן. און כאָטש יעדער ייד האָט געוווּסט, אַז עס איז נישט מער ווי אַ וויץ, פונדעסטוועגן האָט ער, אויסהערנדיק דעם וויץ, זיך „געקילט דאָס האַרץ". איך ברענג דאָ עטלעכע פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע וויצן:

אַ געסטאַפּאָוויעץ האָט געכאַפּט אַ יידיש יינגעלע ביים אַריינשמוגלען אין געטאָ דורכן פּלויט פון דער אַרישער זייט פּראָדוקטן אין געטאָ אַריין. דער געסטאַפּאָוויעץ ווענדט זיך דאַן צום יידישן קינד:

— הער אויס, קנאַבע, איך דאַרף אייגנטלעך דיך דערשיסן, אָבער איין זאַך קאָן דיך ראַטעווען, אויב דו וועסט טרעפן, וועלכעס פון מיינע ביידע אויגן איז פון גלאָז?

דאָס יינגעלע האָט גלייך אים געוויזן:

— אָט דאָס אויג איז פון גלאָז!

דער געסטאַפּאָוויעץ האָט זיך געוווּנדערט:

— פון וואַנען האָסטו דערקענט, אַז דווקא דאָס אויג איז דאָס פאַלשע?

— ווייל דאָס אויג האָט אַזוי מענטשלעך געקוקט אויף מיר! — האָט דאָס יינגעלע געענטפערט.

צו דער סעריע „יידישע עזותדיקייט, געהערט אויך אזא וויץ:

די דייטשן האָבן גערופן יידישע בעלי מלאכות און זיי באפוילן צו ארבעטן. איין ייד האָט זיך אָנגערופן:

— אויב איר וועט מיך לאָזן ארבעטן ביי מיין ספּעציאַליטעט, בין איך גרייט פאַר אייך דייטשן צו ארבעטן 24 שעה אין מעת־לעת.

— וואָס איז דיין ספּעציאַליטעט, יודע?

— איך בין אַ טאָטן־גרעבער, הער אונטעראָפיציר!

אָדער עס איז ארומגעגאַנגען אַזאַ וויץ:

דייטשע אעראָפּלאַנען האָבן אָפּט אַראָפּגעוואָרפן אויף די דייטשע געביטן פאַרשידענע פּעקלעך מיט ווערטפולע אויסארבעטונגען. מיטן דאָזיקן אופן זענען די דייטשן אויסן־געווען צו ווייזן, אז עס איז פאַלש די פּראָפּאַגאַנדע פון שונא, אז דייטשלאַנד באַזיצט איצט בלויז ערזאַץ. צו אַ געטרייען דייטש איז גראָד אריינגעפאַלן אַ קופּאָן פון צוויי מעטער ערשטקלאַסיקער מאַנופאַקטור. דער באַזיצער איז געווען אנטציקט פונעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן שטאָף און האָט באַשלאָסן צו מאַכן פאַר היטלער׳ן אַן אנצוג און צושיקן עס אים אַלס מתנה. קיין שום שניידער האָט אָבער נישט געקאָנט מאַכן פונעם דאָזיקן שטאָף קיין אנצוג, ווייל עס האָט נישט געקלעקט. מ׳האָט אַזוי לאַנג געזוכט, ביז מען איז געקומען מיטן שטאָף צו אַ שניידער אין געטאָ.

— דו נעמסט זיך אונטער פון צוויי מעטער שטאָף צו מאַכן פאַרן פירער אַן אנצוג?

— יאָ! — האָט געענטפערט דער שניידער.

— ווי אַזוי? אַלע שניידערס זאָגן דאָך, אז עס איז אוממעגלעך!

— ביי אייך — זאָגט דער שניידער — איז דער פירער גרויס, אָבער ביי אונדז יידן אין געטאָ איז דער פירער גאָר קליין!...

מילא, ווי „קליין" היטלער איז געווען ביי יידן ווייסן שוין אַלע, אָבער פון בלויזן אריינזאָגן אַזאַ זאַך האָבן יידן געקוואָלן.

עס זענען אויך ארומגעגאַנגען סתם וויצן, וואָס יידן האָבן דערציילט זיך אויפן אויער וועגן דייטשישן רעזשים.

אין די צייטן, ווען היטלער האָט זיך געגרייט צו דער אינוואַזיע אין ענגלאַנד און האָט געזוכט אופנים ווי אַזוי זיך אריבערצוכאַפּן דורכן לאַ־

מאַנש־קאַנאַל, האָט היטלער גערופן צו זיך אַ פרומען ייד און אים געזאָגט:

— הער אויס, יודע, אייער מאָזעס האָט דאָך געהאַט אַ צויבער־שטעקן, וועלכן ער האָט אַ הויב־געטאָן אין דער הויך און דאַן גלייך פאַרוואַנדלט דעם ים אויף יבשה און אויף אַזאַ אופן האָט ער אַריבערגעפירט די יידן אויף דער צווייטער זייט. זאָג, צי איז נאָך פאַראַן דער־דאָזיקער שטעקן, און אויב ער איז פאַראַן, וווּ־זשע געפינט ער זיך?

— יאָ, — ענטפערט דער ייד — דער שטעקן איז דאָ. ער געפינט זיך אין אַ פאַרשלאָסן צימער אין בריטישן מוזיי און טשווירטשיל האָט דעם שליסל...

ווען די צייטן, ווען דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן צו גיין באַרג־אַראָפּ, האָט מען זיך דערציילט אַזאַ וויץ:

היטלער האָט אין יענער צייט גערופן צו זיך הימלערן מיט געבעלסן און באַפוילן, אַז זיי זאָלן אים אויסרעכענען, אויף וואָס פאַרא צייט עס וועלן קלעקן די פּראָוויאַנט־זאַפּאַסן, וואָס געפינען זיך אין לאַנד.

די צוויי מיניסטאָרן האָבן געמאַכט דעם חשבון און צוזאָמענגענס זענען זיי געקומען מיטן ענטפער:

— מיר האָבן באַרעכנט, אַז עס וועט קלעקן נאָך אויף פינף יאָר!

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? — האָט זיך היטלער געוווּנדערט, — איר האָט מן הסתם גענומען אין באַטראַכט בלויז די אַרמיי און נישט אַריינגערעכנט די ציוויל־באַפעלקערונג?

— ניין, האָבן זיי זיך פאַרענטפערט, — מיר האָבן גענומען אין באַ־טראַכט בלויז אונדז דריי!...

ווי ווייט יידן האָבן געהאָפט אויפן „יושר” פון היטלערן מיט זיינע צוהעלפער, קאָן דינען אַזאַ וויץ:

האַנס פראַנק, דער תּלין פון דער גענ. גובערניע, האָט אין אַ געווויסן טאָג באַפוילן מיט איין מאָל אויסצושיסן טויזנט יידן. נאָכן אויספירן די עקזעקוציע האָט מען אָפּגעגעבן פראַנקן אַ ראַפּאָרט און דערביי צוגעגעבן: אַז עס איז געשען אַ טעות: אַנשטאָט טויזנט האָט מען דערשאָסן טויזנט און איין ייד.

— אַך, אומשולדיקער קערל, — האָט זיך אָנגערופן פראַנק, — אומ־זיסט איין ייד דערשאָסן!

ווענן זעלבן פראַנק האָט מען אויך דערציילט ווי אַזוי זיינע פּאַראַר־דענונגען האָבן אויסגעזען. ער האָט געהייסן נעמען יידישע זאַקלאַדניקעס פון געטאָ און האָט באַפוילן צו זיינע געהילפן: די אָרעסטירטע דאַרפן מאָרגן צושטעלן אַזוי פיל און אַזוי פיל גאָלד. טאָמער וועלן זיי עס נישט צושטעלן מאָרגן, — זאָלט איר זיי היינט דערשיסן.

אַ סך אַזעלכע מאַקאַברישע וויצן זענען אַרומגעגאַנגען צווישן די יידן אין די געטאָס און אין די לאַגערן. איצט, ווען מען הערט עס דערציילן, כאַפּט אַרום אַ גרויל פון דעם גאַלגן־הומאָר, און עס ווערט געריצט נאָך מער די וווּנד, וואָס וועט זיך נאָך לאַנג, לאַנג נישט אויסהיילן.

# אַ מלחמה מיטן וועלט־הונגער

שווער, זייער שווער צו זיין אַ מיניסטער.

ווען מען וויל מיך, למשל, מאַכן פאַר מיניסטער, — וואָלט איך זיך מיט אַלע כוחות אַרויסגעדרייט דערפון.

צו וואָס? צו וואָס נוצט מיר זיך צו לייגן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט אַריין!

יעדער מיניסטער האָט דאָך שטענדיק בלויז קאָפּ־דאַרעניש און קאָפּ־ברעכעניש.

איר דאַרפט נישט ווייט זוכן. נעמט בעווינען פון גרויס־בריטאַניע און סטעטיניוסן פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

די דאָזיקע צוויי הערן האָבן געקאָנט פירן אַ לייכט רואיק לעבן, פּונקט אַזוי ווי איך, אַזוי ווי אַ צווייטער ייד, אַזוי ווי אַ דריטער ייד. ניין, האָבן זיי נישט געוואָלט. און עס איז זיי איינגעפאַלן אַ „שמע קולינו" אין קאָפּ אַריין: זיי ווילן דווקא ווערן מיניסטאָרן. נו, נו, האָבן זיי איצטער נישט קיין איין רואיקן טאָג. אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, — אַ פרישׂ אָנשיקעניש. אָט איז אַן אַלגעמיינער שטרייק, אָט איז אַן אַטאָם־באָמבע, אָט איז ערגעץ אַן אויפשטאַנד, אָט איז אַ זיכערהייטס־ראַט. און טאָמער איז דאָס ווייניק, נאַדיר אַ פרישׂ נייעס: דער וועלט דראָט אַ הונגער!

ווער זשע ברעכט זיך דעם קאָפּ, אַז דער וועלט דראָט אַ הונגער, — פאַרשטייט זיך, אַז נישט איך און נישט — איר. מיר האָבן נישט קיין

שום זאָרג. אונדזער שטיקל ברויט אויף קאַרטן וועלן מיר שטענדיס גע־פינען. אָבער זיי, די מיניסטאָרן נעבעך, זיי קאָנען נישט רוען. זיי האָבן שלאָפלאָזע נעכט. זיי מוזן דאָך טראַכטן א חוץ פאַר זייערע ווייבער און קינדער, אויך — פאַר דער גאַנצער וועלט.

און מען קומט נישט אָפּ מיט בלויז טראַכטן, מען מוז אויך טאָן. זיי שלאָפן נישט. זיי אַרבעטן. און די אַרבעט זייערע גייט צו אומגעפער אַזוי:

מיניסטער סטעטיניוס ווערט מסתמא איינגעלאַדן צום מיניסטער בע־ווין אויף א מיטאָג, דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר בלויז אַזוי „אויף א מיטאָג". אָבער אין דער אמתן ווענדט זיך אויף אַזא „מיטאָג" דער גורל פון דער גאַנצער וועלט.

פאַרן „מיטאָג" דרייט זיך בעווין אַרום אין זיין עס־צימער און וואַרט אויף סטעטיניוסן. בעווין איז געוואַלדיק נערוועז און רעדט צו זיך אַליין:

— „די וועלט איז הונגעריק! די וועלט וועט אויסגיין ווי אַ ליכט! וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? געוואַלד, וואָס וועט זיין?"

ער ברעכט זיך די פינגער, אינמיטן קומט אָן סטעטיניוס. ער איז אויסגעפּוצט ווי עס פּאַסט פאַר א גאַסט — א מיניסטער. ער טראָגט א פיינעם קאָסטיום (פאַרשטייט זיך, אַז א פיינעם. ס'איז דאָך נישט קיין „פּשידזשיאַל"* פון קאָמיטעט), דער שטאָף א גאַנץ נישקשהדיקער (פאַר־שטייט זיך, אַז א נישקשהדיקער, ס'איז דאָך נישט קיין שטאָף פון אונרא).

— אַלזאָ, פריינט סטעטיניוס — הייבט־אָן בעווין, — איר ווייסט, צוליב וואָס איך האָב אייך איינגעלאַדן.

— ס'הייסט, כ'ווייס נישט? אַוודאי ווייס איך. מיר דאַרפן איצט באַטראַכטן די פראַגע פון וועלט־הונגער. דער הונגער לאָזט מיך נישט שלאָפן גאַנצע נעכט!

דאָ גיסט מען אָן צו גלעזלעך וויסקי און מען קלאַפּט אין די גלעזלעך.

— ביטע, פאַרבייסט א סאַרדינקע!

— טענק יו וועריִ מאַטש, איך וועל בעסער עסן לאַקס!

— אפשר א סאַנדוויטש מיט מאַיאָנעז?

— אָ, א דאַנק! מ'עט עסן, כ'גיי נאָך נישט אַוועק.

* פּשידזשיאַל — צעטיילונג; זאַכן וואָס מען באַקומט צוגעטיילט פון הילפס־קאָמיטעט.

— און ווי שמעקט אייך עפּעס דער קעז?

— אָ, יעס! האָלענדישער קעז! יאָ, אַפּראָפּאָ, איז ווי זעט אויס די עקאָנאָמישע לאַגע?

— שלעכט, זייער שלעכט! דער וועלט־הונגער שטייט שוין אויף דער שוועל! כ׳האָב אויסגערעכנט, אַז מער ווי אַ מיליאַרד מענטשן וועט בלייבן אַ ליאַדע טאָג אָן ברויט! לחיים! גיסט אָן, גיסט אָן פול!

— אפשר בעסער שערי־בּרענדי?

— ניין, ניין, ביי מיר איז דאָס בעסטע — אַ גלעזעלע קאָניאַק. גע־װענלעכער קאָניאַק!

— לחיים!

— לחיים!

— זאָגט איר, הייסט עס, אַז אַ מיליאַרד מענטשן?

— מער, מער ווי אַ מיליאַרד! אַזוי זעט אויס די לאַגע. און צי ווייסט איר בּאָטש, אַז יעדער איינער פון פערציק מיליאָן מענטשן אויפן איירָאָפּעאישן קאָנטינענט פאַרנוצט איצט טעגלעך מיט 500 קאַלאָריעס ווייניקער ווי דער אָרגאַניזם פאַרלאַנגט?

— טאַקע? — אַ סקאַנדאַל!

— נישט נאָר אַ סקאַנדאַל, נאָר אַ קאַטאַסטראָפע! בּוכשטעבּלעך אַ קאַטאַסטראָפע! עסט די זופּ! די זופּ ווערט קאַלט!

— טענק יו. ס׳איז, זע איך, אַ קרעבּס זופּ? זייער פיין. ביי מיר איז בּוליאָן און קרעבּס־זופּ דאָס בעסטע פון אַלע זופּן.

— אפשר ווילט איר, מיסטער סטעטיניוס, אַ בּוליאָן? קעלנער! נאָך אַ בּוליאָן פאַר מיסטער סטעטיניוס!

— אַ פרימאַ בּוליאָן! פרימאַ... איז ווי האַלטן מיר? אַהאַ... אַלזאָ, מיין מיינונג איז, אַז מען דאַרף מאָביליזירן אַלע אָרגאַניזאַטאָרישע מאַ־לאַנטן, כדי נישט צו דערלאָזן...

— ...אַז פערציק מיליאָן מענטשן זאָלן אויסגיין פון הונגער. געוואַלד, פון הונגער! פון הונגער! שטעלט אייך נאָר פאָר דאָס שרעקלעכע וואָרט „הונ־גער״!!! ווייכער אינדיק. ער צעגייט אין מויל. כ׳האָב זייער ליב אינדיק. איך נעם זיך אונטער צו לעבּן מיט בּלויז אינדיק.

— ניין, ניין, פּרוּווט אויך אַ שטיקעלע קאַלבס־פּילע! פון דאַנעץ, פון דאַנעץ נעמט!... אַט אַזוי... מיט סאַלאַט עסט! פּרימאַ סאַלאַט!

— יאַ, זייער גוטער סאַלאַט, אָבער פּאַרוואָס טרינקט איר נישט אַ ביסל ווײַן צום פלייש. אַ חרפּה און אַ שאַנד, פלייש אָן ווײַן? גיסט אָן!

— אויפסוואָל!

— פּאַר אײַער געזונט!

— אַ... שטאַרקער ווײַן... עס שלאָגט אין קאָפּ. און דערפאַר זאָג איך, אַז מען דאַרף שאַפן אַ וועלטלעכע אָרגאַניזאַציע־אינסטאַנץ, אויף וועלכער ס'וועט ליגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו פאַרזאָרגן אַלע הונגעריקע מיט ברויט! וואָרום אָן ברויט, פאַרשטייט איר מיך... גוטער קאָמפּאָט! אויסגעצייכנטער קאָמפּאָט! ס'איז גרעיפּ־פרוכט מיט באַנאַנען, יאָ?

און מיט טייטלען אויך! אָבער אויב איר ווילט, קאָנט איר עסן אַנאַנאַס־קאָמפּאָט. אַפּראָפּאָ, און ווי זעט אויס דער זאַפּאַס פון קאַרטאָפל אין אייראָפּע? איר פאַרשטייט, טאָמער פעלט אויס ברויט, זאָל כאָטש זיין אַ קאַרטאָפל. וואָס טוט איר? איר לאָזט שטיין דעם ליקער? שוואַרצע קאַווע אָן ליקער? גיסט אַרײַן. אַט אַזוי! און דעם טאָרט פאַרשעמט איר, האַ? עסט אַ שטיקל טאָרט! אַ שאָקאָלאַדע־טאָרט מיט ניס! דער קרעם איז בלויז רום! יאַ... טשעקאַווע צו וויסן, צי עס איז פאַראויסגעזען אַ מאַנגל בלויז פון ווײַס ברויט, צי עס דראָט, אַז עס זאָל קיין ראָזשעווע ברויט אויך נישט זיין?

— אַט, אַט, אין דעם טאַקע גייט עס דאָך! נישט קיין ווײַס ברויט און נישט קיין ראָזשעווע ברויט!

אויב אַזוי איז שלעכט! אַ י נ ג אַ נ צ ן אָן ברויט?! שלעכט, שלעכט, שלעכט! קאַ—טאַ־—סטראָ—פע!!! שאַמפּאַניער, יאָ? ער זעט אויס צו זיין נישט שלעכט, דער שאַמפּאַניער! פּאַרזיכטיק, ס'וועט אויסשפּריצן...

— גיסט אָן!

— לחיים!

— לחיים!

— אפשר נאָך אַ גלעזל?

— איר ווילט מיך דווקא אָנשיכורן. לחיים, ברודער בעווין!

— לחיים, ברודער סטעטיניוס!

— אר־ווא... עס דרייט זיך... כ'זע א צוויי פּנימדיקן בעווין!

— און... אי... אי... איך ז...ז...ע אויך צוויי סטעטיניוסן... כא, כא, כא! אר־ווא... דער קאָפּ דרייט זיך... פון וואָס דרייט זיך אזוי דער קאָפּ?

— ס'איז נישט קיין ווונדער, וואָס דער קאָפּ דרייט זיך. גיי פאַר־זאָרג א גאַנצע וועלט מיט ברויט!.. דער קאָפּ קאָן דאָך פּלאַצן!...

# הינטער די קוליסן...

## אַ בינטל אונטערגעכאַפּטע קאָרעספּאָנדענצן צווישן פּרעזידענט טרומאַן און פּרעמיער עטלי

### פון אַמעריקאַנער פּרעזידענט טרומאַן — צום פּרעמיער פון ענגלאַנד, עטלי

צו מיין חשובן פריינט קלעמענט עטלי!

כ'האָב זיך שוין לאַנג געגרייט דיר צו שרייבן, אָבער די צייט דערלויבט מיר נישט. בייטאָג און ביינאַכט קאָנפערענצן, אַז דער קאָפּ פּלאַצט שיעור. די גאַנצע וועלט אויף מיין קאָפּ! נישטאָ אַפילו קיין פרייע מינוט אַ ברידזש צו שפּילן,

אי, וועסטו פרעגן: ווי אַזוי האָב איך מיר פאָרט גענומען צזט צו שרייבן די דאָזיקע שורות? איז דער תירוץ אַזוי: כ'האָב אַראָפּגעגנבעט פינף מינוט פון אַן „אונרא־קאָנפערענץ”, פינף מינוט — פון אַ קאָנפערענץ מיט די שטרייקערס מיינע, פינף מינוט — פון דער קאָנפערענץ צו ראַטעווען דעם אייביקן פרידן. און אָט אַזוי האָב איך צונויפגעקלאַפּט גאַנצע פופצן מינוט פאַר דער אָנגעווייטיקטער יידן־פראַגע.

עס האַנדלט זיך וועגן אָט־וואָס, מיין טייערער:

אַזוי ווי די יידן אין אייראָפּע האָבן בעת דער לעצטער מלחמה מוראדיק געליטן און די קליינע צאָל, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט, ראַנגלט זיך איצט, קאָן זיך נישט שטעלן אויף די פיס און זוכט אין דער עמיגראַציע

אַן אויסוועג, — דעריבער האַלט איך, אַז מ׳דאַרף אונטערשטיצן די עמי־גראַציע און מ׳מוז ברייט עפענען פאַר אַ ביסל יידן די טויערן.

שרייב מיר, ווי דו פאַרקוקסט זיך אויף מיין פּלאַן צו רעגולירן די הילף פאַר יידן.

מיט דרך ארץ

ה א ר ר י   ט ר ו מ א ן.

## פון פּרעמיער עטלי צום פּרעזידענט טרומאַן

הויכגעשעצטער פריינט פּרעזידענט טרומאַן!

דיין בריוול — באַקומען. שטעל דיר פאָר, אַז איך בין לעצטנס אויך פאַרהאָרעוועט, און כ׳האָב פּשוט נישט קיין צייט צו כאַפּן דעם אָטעם.

אָבער אַזוי ווי עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ וויכטיקע זאַך, ווי ראַטעווען אַ מייל פונעם אַלטן ביבל־פאָלק, צו וועלכן מיר, ענגלענדער, האָבן פון אייביק אָן אַ ספּעציעלן סענטימענט, האָב איך דעריבער אויך אָראָפּגענגבעט בערך צען־צוועלף מינוט פון פיר זייער וויכטיקע קאָנפערענצן, און—כ׳אייל מיך מיט ענטפער.

אַלזאָ, די זאַך שטעלט זיך פאָר אַזוי:

אין פּרינציפּ האָבן מיר, ענגלענדער, גאָרנישט קעגן עמיגראַציע, אָבער אַזוי ווי דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן ע מ י ג ר א צ י ע, נאָר גיכער — וועגן א י מ י ג ר א צ י ע, ווערט שוין דעריבער די פראַגע אַביסל קאָמ־פּליצירט.

אָבער דאָך, מ׳מוז זען וואָס שנעלער עפּעס צו טאָן. בפרט נאָך, אַז די אויגן פון דער גאַנצער וועלט זענען איצט געווענדט צו די פאַראייניק־טע שטאַטן און צו ענגלאַנד און מ׳וואַרט אויף אונדזערע באַשלוסן אין דער יידן־פראַגע.

מיין עצה איז דעריבער פאָלגנדיקע:

אַזוי ווי ביי מיר אין ענגלאַנד איז שטאַרק ענג (47 מיליאָן איינ־וווינער אויף אַזאַ פּיטשעמאָנטשיק אינדזעלע ווי מיינס, פאַרשטייסטו דאָך אַליין, — געהערט נישט צו די איבעריק באַקוועמע לעבנס־באַדינגונגען),

דעריבער האַלט איך, אַז אַמצוועקמעסיקסטן וואָלט געווען, אַז דו זאָלסט עפענען די טויערן פון דיין מדינה כאָטש אויף אַ יאָר צייט און זאָלן די געראַטעוועטע יידן זיך אַריבערטראָגן צו דיר.

עס דריקט דיר די האַנט

קלעמענט עטלי.

## פון פּרעזידענט טרומאַן צום פּרעמיער עטלי

בעסטער פריינט עטלי!

מיט גרויס צופרידנקייט האָב איך אויפגענומען דיין אויפריכטיקן ווונטש צו לייזן די יידן־פראַגע. דאָס איז נישט קיין פּשוטער ווונטש, דאָס איז דער ס.אַ.ס.־געשריי פון יושר און גערעכטיקייט. ליידער איז אָבער דיין פאָרשלאָג נישט רעאַליזירבאַר. ווער־ווער, אָבער דו דאַרפסט דאָך זייער גוט קענען די לעבנס-באַדינגונגען ביי מיר אין לאַנד. דו לייגסט מיר פאָר, אַז א י ך זאָל געבן פּלאַץ פאַר נייע אימיגראַנטן? צי קענסטו נישט די ענגשאַפט, וואָס עס הערשט אין מיין מדינה? פּרווו אדרבא, פּרווו אויף טשיקאַוועס אַריבערגיין אויף בראָדוויי אָדער אויף איסט-סייד פון איין טראָטואַר אויפן צווייטן. די ענגשאַפט איז דאָך דאָרט סכנותדיק, בפרט נאָך איצט, ווען מיין אַרמיי ווערט דעמאָביליזירט און די זעלנער קומען צוריק אַהיים.

דער איינציקער אויסוועג אַלזאָ איז נאָר ענגלאַנד. די עטלעכע הונדערט טויזנט יידן פון גאַנץ אייראָפּע וועלן זיך ביי דיר נישט אָנזען! אַ יעס!

נעם אָן די בעסטע גריסן, וואָס עס שיקט דיר פון טיפסטן האַרצן

דיין ה. טרומאַן.

## פון פּרעמיער עטלי צום פּרעזידענט טרומאַן

טייערער פריינט טרומאַן!

דיין לעצטער בריוו האָט מיך געוואַלטיק גערירט. דיינע ווערטער,

מיט וועלכע דו פאַרענדיקסט דיין בריוו „מען מוז העלפן!", זענען נישט קיין פּשוטע ווערטער. דאָס איז אַ געשריי פון אַן ערלעך געוויסן, דאָס איז דער אַלאַרם פון דער מאָראַל. אָבער דאָך, נישט געקוקט אויף אַלעם, פאַרשטייסטו דאָך אַליין, אַז אויף ענגלאַנד קאָנסטו נישט רעכענען. צי האַלטסטו טאַקע, אַז אין ד י י ן אַמעריקע איז ענגער ווי אין מ י י ן ענגלאַנד? פּרוּוו, אדרבא, אויף טשעקאַוועס פאַרבייגיין, די סיטי, וועסטו זען, אַז עס איז ממש נישטאָ קיין אָרט אַ שפּילקע אויף דר'ערד צו וואַרפן. און אחוץ אַלעם, ווי פּאַלסטו עפּעס אויס צו זאָגן, אַז עס וועלן זיך נישט אָנזען די עטלעכע הונדערט טויזנט יידן? דו רעכנסט, ווייזט אויס, צופיל אויף די נעפּלען אין מיין מדינה. נישט שטענדיק איז אָבער דאָ פאַרנעפּלט. עס וועט זיך אָנזען! אוי וועט זיך אָנזען!

און דעריבער שטיץ איך ווייטער אונטער מיין פאָרשלאַג: עפענען די טויערן. פּלאַץ וועט זיך ביי דיר געפינען געוויס. אמת טאַקע, ביי דיר אויף בראָדוויי און איסט־סייד איז ענג, אָבער וואָלקנצקראַצערס איז דאָך ביי דיר פאַראַן גענוג.

זאָל יעדער וואָלקנקראַצער אָפּגעבן נאָר איין שטאָק פאַר יידן, און ס'פּראָבלעם ווערט שוין געלייזט. ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַ הויז דאַרף האָבן דווקא 110 שטאָק? און אויב חלילה — 109 וועסטו באַנקראָטירן?

אַלזאָ, קורץ: די פראַגע איז דרינגנדיק, מ'דאַרף העלפן!

מיט דער טיפסטער אַכטונג.

דיין איבערגעגעבענער ע ט ל י.

## פון פּרעזידענט צום פּרעמיער

מיין ליבער קלעמענט!

דו שרייבסט מיר אַ נייעס: „מ'דאַרף העלפן!" האָסט אַנטדעקט אַמעריקע? — אוודאי דאַרף מען העלפן! אָבער דאָס באַרעכטיקט נאָכנישט דערצו, אַז דו זאָלסט ציילן די שטאָקן פון מיינע וואָלקנקראַצערס. נעם

אין אכט, אַז קוים וועסטו מיר ציילן מ י י נ ע וואָלקנקראַצערס, וועל איך דיר ציילן דיינע קאָלאָניעס. כ׳בעט דיך, צי מיך נישט ביי דער צונג. פּאַלעסטינע האָט זיך געשמדט?!

מיט טיפסטער אכטונג

דיין איבערגעגעבענער ט ר ו מ אַ ן.

## פון פּרעמיער צום פּרעזידענט

מיין ליבער הארי, אַז מען רעדט דערערדט מען זיך.

גייט עס דיר אַלזאָ אין פּאַלעסטינע?

אויב דו ביסט אַ ציוניסט, דאַרפסטו נישט ג ע ב ן קיין עצה, נאָר דאַרפסט בעסער ג ע ב ן אויף קרן־היסוד. איבעריקנס, וואָס מישסטו זיך אַריין אין די קאָמפּעטענצן פון די ציוניסטן? נישקשה, פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן, יצחק גרינבוים קאָנען זיך זייער שטעטל אַליין באַשטיין. זיי מישן זיך נישט אין דיין ווייס־הויז, טאָ מיש זיך דו נישט אין זייערע געשעפטן.

אַלזאָ קורץ: מ׳דאַרף העלפן און טאָקע וואָס שנעלער. אפשר, קאָנאַדע? טו אַ טראַכט. דאַכט זיך, ס׳איז אַ געדאַנק. ווי מיינסטו?

מיט דרך־ארץ

ע ט ל י.

## פון טרומאַן צו עטלי

ליבער קלעמענט!

ניין, מען דאַרף נישט איבערייסן דאָס שטריקל!

וואָס דערמאָנסטו עפּעס אין אונדזער פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ דאָס ווייס־הויז? איך מאַך דיר אויפמערקזאַם, אַז אויב דו וועסט רעדן וועגן ו יי ס - ה ו י ז, וועל איך רעדן וועגן וו יי ס - ב ו ך. וואָס שייך ציוניזם, דאַרפסטו מיך נישט חושד זיין דערין. איך בין נישט קיין

ציוניסט און אפילו קיין פועלי־ציוניסט — אויך נישט. איך אנערקען נישט דעם שקל, אחוץ די אמעריקאנער שקלים (אָן אונטערשיד צי „האר־טע" צי „ווייכע").

וואָס שייך ווידער דיין פאָרשלאג וועגן קאנאדע, פּאסט דאָס גאָרנישט פאר דיר. אום גאָטעס ווילן, צי לייענסטו גאָרנישט קיין צייטונגען? צי האָסטו נאָך ביז היינט נישט געהערט, אז עס איז פאראן א קוואָטע אויף דער וועלט?

קורץ און שארף: הילף פאָרן רעשטל יידן איז דרינגנד נויטיק. קוק זיך ארום. אפשר ירושלים, חיפה, תל־אביב און אומגעגנט.

מיט דרך־ארץ

ט ר ו מ א ן.

## פון עטלי צו טרומאַן

מיין הארי!

געוואלד געשריגן, וואָס ציסטו אזוי קיין ארץ־ישראל? און וואָס פּיר־סטו עפּעס אריין טראנספּאָרטן יידן? ס'איז נישט שיין פון דיין זייט. דו פּירסט מיך שוין אביסל ארוים פון געדולד. וואָס וואָלסטו למשל גע־זאָגט, ווען איך שיק אריין א טראנספּאָרט יידן צו דיר אין פילאדעלפיע? דו וואָלסט דאָך וועלטן איינגעלייגט, אפשר נישט?

בקיצור, זוך עפּעס אן אויסוועג!

דיין ק ל ע מ ע נ ט.

## פון טרומאַן צו עטלי

מיין קלעמענט!

איך פאַרזיכער דיר נאָכאמאָל, אז כ'בין נישט קיין ציוניסט. זיי פול־שטענדיק רואיק, איך וועל נישט פאַרלאנגען פון דיר קיין סערטיפיקאַט נישט פאר מיר און נישט — פאר מיין פאמיליע. כ'האָב ברוך־השם אין

וואשינגטאָן אַ גאַנץ באַקוועמע וווינונג און כ'דאַרף נישט פּאַלעסטינע.
וואָס אָנבאַלאַנגט פילאַדעלפיע, — שלאָג דיר ארויס פון קאָפּ! מטשי־קאווע, ווי זעט אויס די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג ביי דיר אין אויסטראַליע? כ'ווייס, אפשר דאָרט...

ט רו מ אן.

## פון עטלי צו טרומאַן

האררי,

אַלס ענטפער אויף דיין לעצטן בריוו, טייל איך דיר מיט, אַז די געדיכטקייט אין אויסטראַליע האָט לעצטנס ממש געשלאָגן דעם רעקאָרד. סיי אין סידניי, סיי אין מעלבורן, שטויסן זיך ממש מענטשן אין די גאַסן. אויב ס'וועט ווייטער אזוי גיין, וועט מען מוזן ארויסשיקן פון דאָרט אַ גרויסע צאָל איינוווינער.

ע ט ל י.

## פון טרומאַן צו עטלי

מיר שרייבן און שרייבן און האָבן דערווייל פארגעסן דעם תוך. איז וואָס־זשע ביסטו פאַרט גרייט צו געבן דעם איבערגעבליבענעם ביסל יידן?

ט רו מ אן.

## פון עטלי צו טרומאַן

וואָס זאָל איך געבן? כ'זאָל אזוי וויסן פון שלעכטס. כ'ווייס... אפשר וואָלטן מיר געשאַפן שותפות אַ קאָמיסיע? איך זשאַלעווע נישט, כ'גיב דריי מענטשן אין דער קאָמיסיע אריין. וויפיל גיסטו?...

ע ט ל י.

## פון טרומאַן צו עטלי

און איך זשאַלעווע אויך נישט. אַמעריקע האָט אַ ברייטע האַנט. כ'גיב אויך דריי מענטשן אין דער קאָמיסיע אַריין.

ט ר ו מ אַ ן.

פּ. ס. עטלי, דו ביסט קלוג, ביסט אַ חכם, ביסט גענימאַל! די שותּפותדיקע קאָמיסיע האָט אונדז געראַטעוועט. זאָל די קאָמיסיע זיך דרייען! אַ קאָפּ, און ביז זי וועט אַרויסטראָגן אַ פּסק, וועט דורערן אַ שיינע פּאָר יאָר... ביסט געניאַל, עטלי! בראַוואָ!

## פון עטלי צו טרומאַן

טייערער האַררי! כ'מוז דיר זאָגן, אַז די קאָמפּלימענטן דיינע געהערן נישט צו מיר, נאָר צו בעווינען. ס'איז דאָך אַלץ זיין קאָפּ!...

ע ט ל י.

# ווי אזוי דאַרף אויסזען אַ שלום־קאָנפערענץ?

„...מיט דער איצטיקער שלום־קאָנפערענץ האָבן מיר נישט געטראָפן. דערפאַר אָבער, אים ירצה השם נאָך דער דריטער וועלט־מלחמה, דאַרפן מיר זיך געבן אַ נדר, אַז אַ פרידן־קאָנפערענץ זאָל פאָרקומען אינגאַנצן אַנדערש.

די קומענדיקע קאָנפערענץ דאַרף זיין דורכגעדרונגען מיט פריינט־שאַפט, מיט חברישקייט, מיט הומאַניטאַרישקייט.

דער עיקר — זי דאַרף געפירט ווערן: סימפּאַטיש, פריי, אַנגענעם, איידל און דזשענטעלמעניש. אַזוי, אַז מ׳זאָל האָבן נחת, אויב נישט פון שלום גופא, איז כאָטש ווייניקסטנס — פון דער שלום־קאָנפערענץ.

אָט ווי איך שטעל מיר פאָר, ווי אַזוי אַ קומענדיקע שלום־קאָנפערענץ דאַרף אויסזען.

### אין זאַל

לאָזשן פאַר דעלעגאַטן, פאַר געסט און פאַר פרעסע־פאָרשטייער. אַרום די לאָזשן דאַרף זיין באַריקאַדירט. הינטער די באַריקאַדן דאַרפן זיך געפינען פאַרשידענע מינים פון געווער: ביקסן, אויטאָמאַטן, שווערע אַר־טילעריע און גאָר שווערע אַרטילעריע.

די שטאַבן פון יעדער מלוכה דאַרפן זיך געפינען אין ספּעציעלע אָקאָפּעס, הינטער דער ערשטער ליניע, די דראָטן פון די געהיימע טעלע־פאָנען דאַרפן זיך ציען אונטער דער ערד פון זיצונגס־זאַל.

דעם גאַנצן זאַל דאַרף באַצירן איין גרויסער טראַנספּאַרענט: „זאָל לעבן דער אייביקער שלום!”

## אויפן דאַך פון דער געביידע

דאַרפן זיין אויסגעשטעלט אַנטי־אַוויאַציע־האַרמאַטן פון פאַרשידע־נע קאַליבערן. עס דאַרפן אויך זיין אויפן דאַך אינסטאַלירט אַ סך רעפּ־לעקטאָרן, וואָס זאָלן פלאַמיק באַלויכטן דעם הימל, אַזוי, אַז מען זאָל גרינג דערזען די עסקאַדרעס פון באָמבאַרדירער און אויספאָרשער־אַוויאַ־נען, וואָס וועלן אַרומפליען איבער דער געביידע פון דער שלום־קאָנפערענץ.

בעת עס קומען פאָר די פּלענום־זיצונגען פון דער קאָנפערענץ, דאַרפן די אַנטי־אַוויאַציע־האַרמאַטן, ווי ווייט מעגלעך, וואָס שטילער אַרויס־שיסן. אָבער אַ צו־רייכע קאַנאָנאַדע קאָן שטערן דעם שטילן גאַנג פון די זיצונגען, ווו עס ווערן אויסגעאַרבעט די גרונד־געזעצן פון אַן אייביקן שלום.

## ביים אַריינגאַנג אין דער געביידע

דאַרף העגנען אַ טאָוול מיט די הויפּט־פּונקטן פון רעגולאַמין.

פּונקט איינס: די חשובע קאָלעגן דעלעגאַטן ווערן הערצלעך געבעטן נישט צו שיסן, ווען אַ רעדנער שטייט אויף דער טריבונע.

פּונקט צוויי: בעת די אָפּשטימונגען איז נישט געווונטשן צו וואַרפן קיין באָמבע.

פּונקט דריי: יעדער דעלעגאַט מעג אַריינגעמען מיט זיך אין זיצונגס־זאַל נישט מער ווי איין האַנט־גראַנאַט.

און נאָך אַזעלכע ענלעכע פּונקטן, וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות צום פאַרפעסטיקן און צעמענטירן דעם שלום.

די קאָנטראָל־וואַך ביים אַריינגאַנג דאַרף אויסזען רעפּרעזענטאַטיוו: אַ פראַק, ווייסע הענטשקעס, אַ שטאָף־העמד, אַ ווייסער קראַגן מיט קלאַפּ־קעס, אַ שוואַרץ שלייפל, עווענטועל — אַ שוואַרץ שניפּסל מיט דראָבנע ווייסע פינטעלעך. אין לאַץ פון פראַק דאַרף זיין צוגענייט אַ זשעטאָן, אַזאַ עמבלעם, וואָס דאַרף סימבאָליזירן דעם וועלט־שלום: אַ יונג מלאכל מיט צוויי פליגעלעך, אָדער — אַ טייבעלע מיט אַ שלום־בלעטל אין פּיסקל.

ביים אונטערזוכן די דעלעגאַטן דאַרף די וואַך זיין דזשענטעלמעניש.

— הער קאַלעגע — דאַרף זאָגן דער וואכמאַן — איר וועט זיין אַזוי פריינטלעך, האָט נישט קיין פּאַריבל, און לאָזן זיך באַזוכן און באַטאַפּן די קעשענעס.

— פּליז — דאַרף העפלעך ענטפערן דער דעלעגאַט — מיין געוויסן און מיינע קעשענעס זענען אָפן פאַר אייך. ביטע, טאַפּט!

— און וואָס איז די רעכטע הויזן־קעשענע אַזוי אָנגעשטאָפּט ביי אייך, קאָלעגע דעלעגאַט?

— גאָרנישט! דאָס זענען 22 דום־דום־קוילן צו אַ דיסקוסיע, הער וואכמאַן! איך וועל זיי באַלד אויסשיסן. דער ערשטער פּונקט אויף דער היינטיקער טאָג־אָרדנונג — איז היינט די דיסקוסיע.

יאָ, גאַנץ ריכטיק, הער קאָלעגע דעלעגאַט, אָבער דאָס איז פאַרבאָטן, מער ווי 15 קוילן טאָרט איר נישט טראָגן מיט זיך. די איבעריקע 7 קוילן מוזט איר איבערלאָזן אין גאַרדעראָב. אַז איר וועט אויסשיסן די ערשטע 15 קוילן, וועט איר נעמען די רעשט.

— פאַרפאַלן. וועל איך אַזוי טון. געזעץ איז געזעץ. כ'בין פריי?

— איר זענט פריי, קאָלעגע דעלעגאַט!

— טענק יו! גוד ביי!

— אויף ווידערזען! (ביידע בוקן זיך אויף 12 ביז 15 צענטימעטער).

## ביים בופעט

ביים בופעט דאַרפן די קאָלעגיאַלע באַציאונגען דערגיין ביז דער העכסטער שטופע: עלעגאַנץ, טאַקט, שיינע מאַניערן, העפלעכקייט.

שוין די אויפשריפטן, וואָס באַצירן די ווענט פון בופעט־זאַל, דאַרפן אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון דער פרידלעכער נשמה פון יעדן דע־לעגאַט.

די ווענט דאַרפן זיין באַקלעפּט און באַהאָנגען מיט אַזעלכע לאָזונגען, ווי:

„ווען אייך גיט די האַנט אייער קאָלעגע ביים באַגריסן זיך, לייגט פריער אוועק דעם שטילעט."

אָדער: „אַ זייגער־באָמבע אַנטשפּרעכט נישט די שלום־באַגריפֿן פֿון דער פֿרידלעכער מענטשהייט!".

אָדער גאָר: „זידלט נישט אייער קאָלעגע, בעסער — שטעלט אים אונטער אַ פיסל". ביים עסן דאַרף מען ספּעציעל האַלטן פּאַסאָן.

צום עסן פיש, דאַרף מען נישט באַנוצן קיין מעסער. אַ מעסער דאַרף אַ דעלעגאַט באַנוצן צו וויכטיקערע זאַכן. ער קאָן עס דאַרפֿן צום אָפּ־שטימען אַ פּרינציפּיעלן פֿאָרשלאַג, אָדער סתם ביים בעטן אַ „וואָרט". כאַ־לע וואָס עס מאַכט זיך. ס'איז דאָך אַ שלום־קאָנפֿערענץ.

שפּייען דאַרף מען נאָר אין אַ שפּיי־קעסטל. אין בופֿעט־זאַל דאַרף איין דעלעגאַט אויפֿן אַנדערן נישט שפּייען. אין זיצונגס־זאַל — איז עפּעס אַנדערש.

אויב איין דעלעגאַט שטעלט דעם צווייטן אַ גלעזל וויין, דאַרף ער אים נישט אָפּזאָגן. ער דאַרף אָבער לאָזן דעם צווייטן טרינקען צום ערשט. וואָרום ערשטנס, געהערט דאָס צום באָן־טאָן, און צווייטנס — איז עס פּראַקטיש אויף אַ שלום־קאָנפֿערענץ... אויף אַזאַ אופֿן איבערצייגט ער זיך, צי מען מעג דעם וויין טרינקען, צי דער פֿויגל האָט נישט עפּעס אַריינגעטאָן אין גלעזל...

## אין זיצונגס־זאַל

מילא, אַז אין זיצונגס־זאַל דאַרף הערשן פֿרידן, דאָס איז דאָך אָפּ־גערעדט. דערפֿאַר איז עס דאָך אַ פֿרידנס־קאָנפֿערענץ.

אַ זיצונג דאַרף אומגעפֿער אַזוי אויסזען:

פֿאָרזיצער: איך האָב אייך נאָר וואָס איבערגעלייענט די היינטיקע טאָג־אָרדענונג, ווער איז קעגן דער טאָג־אָרדענונג?

טררראַך!... טררראַך!...

דאָס האָבן 10 האַרמאַטן געגעבן אַ סאַלוט אַלס צייכן, אַז אַלע דע־לעגאַטן זענען איינשטימיק מיט דער טאָג־אָרדנונג.

פֿאָרזיצער: אַ וואָרט צום ערשטן פּונקט פֿון דעם טאָג־אָרדנונג באַ־קומט . . .

טררראַך!... טררראַך!...

דאָס האָט אַ מאַשין־געווער פון רעכטס זיך געלאָזט הערן. דאָס איז אַזאַ איינלאַדונג פאַרן דעלעגאַט, אַז ער זאָל זיך באַווייזן אויף דער טרי־בונע. דאָס איז, אייגנטלעך, אַן אויסדרוק פון צופרידנהייט און אַ סימן, אַז דער דעלעגאַט איז ווילקאָמען.

דער דעלעגאַט באַווייזט זיך און הייבט אָן צו רעדן. עס הייבן אָן צו קנאַלן ביקסן, פּולעמיאָטן, שווערע און לייכטע אַרטילעריע.

דער דעלעגאַט קוקט זיך נישט אום און רעדט:

עס הייבן אָן צו אַרבעטן האַנט־גראַנאַטן און — דער דעלעגאַט רעדט.

ער רעדט וועגן אייביקן שלום, וואָס דאַרף אָנהאַלטן אַ שיינע פּאָר יאָר.

מען נעמט וואַרפן אויפן דעלעגאַט פלעשער מיט בענזין, עלעהיי — אויף אַ טאַנק. און דער דעלעגאַט רעדט. פאַרן אייביקן שלום איז ער זיך גרייט צו אָפּפערן.

און פּלוצים — טררראַך!...

דאָס האָט אַן אַטאָם־באָמבע אויפגעריסן, אַלס צייכן פון אָנערקענונג פאַר די שלום־דעלעגאַטן.

אַן אַלגעמיינע אויפלעבונג איז זאַל. אַלע זענען צופרידן, די זשורנאַ־ליסטן — אויך. און ס׳איז נישט קיין וווּנדער:

אַז דער סוף איז גוט, איז אַלץ גוט!...

אָט אַזוי דאַרף אויסזען אַ שלום־קאָנפערענץ.

# „טלאָמאַצקע 13״

## צום חנוכת הבית פון יידישן ליטעראַטן פאַראיין

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אין מיליטערישן מונדיר, ערגעץ אין די מקומות ביי בערלין, ווען עס איז דערגאַנגען צו מיר די ידיעה, אַז אין לאָדזש איז אויפגעשטאַנען תחית - המתים דער יידישער ליטעראַטן־פאַר־איין.

און די ערשטע פראַגע, וואָס איך האָב דעמאָלט מ י ר אַליין גע־שטעלט, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערן, וועמען צו שטעלן די דאָזיקע פראַגע, איז געווען: „צי האָט כאָטש דער לאָקאַל פונעם ניי־געבוי־רענעם ליטעראַטן פאַראיין אַ באַלקאָן?״

איך האָב שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז די גרויסע משפחה יידישע שרייבער פון דער אַמאָליקער „טלאָמאַצקע 13״ איז אָפגעמעקט געוואָרן און דאָס הייפעלע יורשים, וואָס האָט זיך יאָ אָפגעראַטעוועט, איז איצט צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע עקן וועלט, און אויב מען שאַפט אַ נייעם ליטעראַטן פאַראיין, — זאָל ווייניקסטנס דער לאָקאַל אונז דער־מאָנען אָן דער אַמאָליקער שרייבער־היים, זאָל כאָטש דער באַלקאָן דער־מאָנען דעם אויסזען פון דער אַמאָליקער „טלאָמאַצקע 13״.

דער באַלקאָן פון טלאָמאַצקע 13 האָט זיך גוט איינגעקריצט אין זכרון יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל שייכות צום דעמאָל־מיקן פאַראיין. דאָס איז נישט געווען סתם קיין באַלקאָן. דאָס איז געווען אַ באַלקאָן — אַן אינסטיטוציע.

אויפן באַלקאָן זענען געבוירן געוואָרן טעמעס אויף לייט־אַרטיקלען, דערציילונגען, פעליעטאָנען און לידער.

דער באַלקאָן איז געווען אַן אָבסערוואַציע־פונקט אויף פאַרביימאַר־שירנדיקע דעמאָנסטראַציעס דעם ערשטן מאַי.

דער באַלקאָן איז געווען אַ קיבעצאַרניע, אַ פּלאַזשע, ווו אַרבעטסלאָזע שרייבער האָבן פאַרמיטאָג זיך געבראָטן און נאָכמיטאָג געכאַפּט אַ דרימל.

אויפן באַלקאָן האָבן פאַרברענגט שרייבער־אָנפאַנגער, וועלכע האָבן נאָך נישט געהאַט די דרייסטקייט אָוועקצוזעצן זיך ביי די טישלעך אין זאַל צוזאַמען מיט די פּאַטענטירטע שרייבער. ערשט נאָכן דורכגיין אַ באַלקאָן־„הכשרה" האָבן זיי זיך אַריינגעשאַרט אין זאַל.

דער באַלקאָן איז אויך געווען דער זיץ־אָרט פאַרן ספּעציעלן מין געסט פון פאַראיין, וועלכע זענען „געשטאַנען־אין־דרויסן" און געבלאָזן פון זיך. דאָס זענען געווען „ברידער" פון שרייבער. אויפן באַלקאָן האָט מען זיך ליציטירט, וועמענס ברודער עס איז אַ גרעסערער שרייבער.

אָבער דער הויפּט־באַלעבאָס פון באַלקאָן איז געווען דער געשוווירע־נער שטאַב־גאַסט פון ליטעראַטן־פאַראיין, דער גוט־באַקאַנטער אַרנאָלד. איז געקומען פרילינג, האָט אַרנאָלד געמאַכט אַ „שהחיינו" און געעפנט דעם באַלקאָן. אָפּגעזעסן דעם זומער אין דרויסן, אין שפּעטן האַרבסט אים פאַרמאַכט און אָפּגעוואַרט ביזן קומענדיקן פרילינג אים ווידער צו עפענען. און אַז מען האָט געפרעגט אַרנאָלדן:

— וואָס איז די מעשה, וואָס דו רייסט זיך אַזוי שטענדיק צום באַלקאָן? — האָט ער אַ שפּיי־געטאָן אויף זיין האַנט, אַ גלעט געטאָן די טשופּרינע און געענטפערט קורץ:

— איר ווייסט דען נישט, אַז איך קוק אויף דער מענטשהייט פון אויבן אַראָפּ? טפו!

:: :: ::

היינט זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען דאָ פראַוווען אונדזער חנוכת־הבית. מיר האָבן שוין ווידער אַ ליטעראַטן־פאַראיין און טאַקע מיט אַ באַלקאָן. מיט אַ לייטישן לאָקאַל. מיט אַ קלוב. מיט אַ קיבעצאַרניע. מיט

א לעזע־זאַל. מיט אַ בופעט. מיט שאַכן און מיט אַלע גוטע זיבן זאַכן. אָבער...

ווען נישט דער „אָבער" וואָלט אַנדערש געקלונגען מיין איצטיקער חנוכת־הבית־פעליעטאָן.

אַמאָל אויף טלאָמאַצקע 13 האָט מען געמאַכט אַ קאָנקורס, ווער פון די מיטגלידער שרייבער האָט דאָס טרויעריקסטע פּנים? די ערשטע פּרע־מיע האָט באַקומען דער ה ו מ אָ ר י ס ט דער טונקעלער, די צווייטע פּרעמיע האָט באַקומען דער ה ו מ אָ ר י ס ט י. ש. גאָלדשטיין, — דער לוסטיקער פּעסימיסט. היינט קענען מיר זיך נאָך נישט דערלויבן צו מאַכן קיין קאָנקורס, — צו־ווייניק מיטגלידער. אָבער וואָלט מען יאָ געמאַכט אַזאַ קאָנקורס, וואָלטן זיכער אַ ל ע באַקומען פּרעמיעס.

מיר האָבן אַ פאַראיין. אָבער ווו זענען די געשווירענע יובילאַ־ן, מ'זאָל זיי מאַכן יובילעאומס? אַלע פאַרשוווּנדן. און די, וועלכע זענען דאָ, — געפינען זיך אָדער אין ניו־יאָרק, אָדער אין טאָראָנטאָ, אָדער אין ארץ־ישראל, אָדער ערגעץ אין שאַנכאַי.

ווו נעמט מען אונזער ליבן סעגאַלאָוויטש, וועלכער איז צו יעדער צייט געווען גרייט צו שענקען פינף יאָר פון זיינע יאָרן, אַבי מ'זאָל אים מאַכן אַ יובילעאום און מ'האָט דעריבער קיינמאָל נישט געוווּסט, וויפיל ער איז באמת אַלט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

ווי באַקומט מען אַהער פון שאַנכאַי אונדזער ליבן תמיד יונגן פּראָ־פעסיאָנעלן יובילאַר, לאַזאַר קאַהאַן, וועלכער איז געווען קאָנקורענצלאָז אויפן געביט פון לאָזן מאַכן זיך יובילעאומס. ער איז, זיכער, אין שאַנ־כאַי אויך נישט נעשלאָפן. אָבער וואָסער טעם קען האָבן אַ יובילעאום פון אַ יידישן שרייבער ערגעץ־ווו, אויב נישט אויף טלאָמאַצקע 13?

מיר האָבן איצט אויפסניי אַ לאָקאַל. אַ לאָקאַל מיט גרויסע, אָבער ליידיקע ווענט, וועלכע שרייען און רופן צו אונדז: גיט אונדז די בילדער פון וויינטרויב, פרידמאַן, ווײַנלעז, ניימאַן, שפּיגל, האַנפט, ברוינער, טאָ־קאַרשינסקי, שליווניאַק, פייגענבוים א. א., וואָס האָבן באַצירט די ווענט פון אַמאָליקן ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13. נישטאָ מער יענע קינסטלער. נישטאָ מער זייערע שאַפונגען.

ווי נעמט מען איצט אין אונדזער פאראיין דעם טומל, וואָס עס האָט אָנגעמאַכט א י י ן ריבאַייזן, וועלכער האָט געשטרעבט חתונה צו האָבן און זיך „דאָראָביען” און אויפעפענען זיך אַן אייגענעם ליטעראַטן־פאראיין, — אָט ער איז געווען דער נערוו פונעם פאראיינס־אַפּאַראַט. און האָט ער ווען מען געכאַפּט אַלס קרבן צום אריינרעדן אין אים, איז שוין דער קרבן אוועקגעגאַנגען פון אים אַן איין קנעפּל פון פּאַלטאָ אָדער פון אנצוג.

ווי נעמט מען דעם דיכטער ה ע ר ש ע ל ע, וועלכער איז געווען א דריטל וווקס פון סעגאַלאָוויטשן. און צום שלימזל האָט דווקא דער הויכער סעגאַלאָוויטש אים שטענדיק געשאָנקען זיינע איבערגעטראָגענע אַנצוגן אַלס מתנה.

ווי נעמט מען דעם קינדיש־נאַאיוון הערשעלע, דער דיכטער, וועלכער האָט מקריב געווען די ליטעראַרישע קאַריערע, אַבי צו אַנטוויקלען זיין געוועלב פון פּיעטרושקע, מערעלעך און ציבעלעס, וואָס ער האָט געהאַט אין הענריקאָוו, הינטער וואַרשע, בשותפות מיט זיין שוויגער. הערשעלעס שוויגער איז געווען א שם־דבר אין פאראיין אויף טלאָמאַצקע 13. ווייל אויב דאָס געוועלבל האָט בסדר געהאַט א דעפיציט און עס האָט געדראָט מיט באַנקראָט, האָט ער — הערשעלע, געסטראַשעט יעדע פאַרוואַלטונג פון פאראיין:

— אויב מ׳עט מיר נישט אַרויסהעלפן, וועל איך שיקן אַהער צו דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג מיין שוויגער, וועט זי מאַכן דאָ שוואַרץ שבת! מ׳דאַרף אונטערשטיצן א שרייבער!

דער לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר פון ליטעראַטן־פאראיין, דער ליבער מלך ראַוויטש, האָט מער מורא געהאַט פאַר הערשעלעס שוויגער, ווי פאַרן פאָרזיצער פון פאראיין.

דעם ערשטן האַלבן טאָג איז הערשעלע אָפּגעזעסן אין פאראיין אין זיך פאַרנומען מיט איבערשרייבן מאַנוסקריפּטן, וואָס חברים האָבן אים אונטערגערוקט און נאָכמיטאָג איז ער מיטן קוישעלע באַבעלעך און זאַלץ און פּיעטרושקע צופוס אוועקגעגאַנגען אין זיין געוועלבל אריין קיין הענריקאָוו, און אַז מען האָט אים געפרעגט: „הערשעלע, פאַרוואָס גייסטו צו־

פום, פּארוואָס פּאָרסטו נישט מיט דער קאָלעיקע, — האָט ער געענטפערט:
— כ'האָב נישט קיין צייט צו פאָרן, כ'אייל זיך.

ווען הערשעלע האָט איבערגעשריבן די מאַנוסקריפּטן, האָט ער קיינ־מאָל נישט געוווּסט, וואָס ער שרייבט, ווייל ער האָט געטראַכט וועגן גע־וועלבל. ער האָט געשריבן מעכאַניש. און נישט איינמאָל האָט ער איבער־שרייבנדיק אַ דערציילונג דורכגעלאָזט אַ בלעטל און געשריבן ווייטער. ווען דער מחבר האָט געמאַכט אַ גוואַלד, זע נאָר, וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט?
— האָט הערשעלע זיך פאַרשעמטערהייט פאַרטיידיקט:

— כ'זע נישט ס'אומגליק, ס'לייענט זיך גאַנץ גוט...

ווי נעמט מען דעם קליינעם יאַנקעלע דאַנציקער מיטן גרויסן בליי־שטיפט, וועלכער איז געווען גרעסער פון אים.

ווי נעמט מען אַזעלכע צוויי שטענדיקע פּאַרטנערן צום אַרומרייסן זיך, ווי דער אימפּרעסאַריאָ, דער קליינער יאַנקעלע דאַנציקער און דער הויכער אַרנאָלד? צום סוף פון דער מחלוקה פלעגט אַרנאָלד שטענדיק זאָגן צו דאַנציקערן:

— רעד בעסער נישט, מיר וועלן זיך סיי ווי קיינמאָל נישט אויס־גלייכן, ווייל איך בין אָנדערטהאַלבן מאָל גרעסער ווי דו.

ווי נעמט מען, ווי נעמט מען דעם פּאַראַיין פון טלאָמאַצקע 13, וואָס אַלע האָבן אים באַרעדט און אַלע האָבן אים אַזוי שטאַרק ליב געהאַט?

יאָ, מיר האָבן שוין איצט טישלעך מיט שאַכברעטלעך, אַ קלוב, אָבער וואָסער טעם קען האָבן אַ שאַכשפּיל, אויב עס זיצן נישט ביים שפּילן אַזעל־כע צוויי פּאַרטנערן: ווי דער פּקחותדיקער דר. גאָטליב און דער טעמפּע־ראַמענטפולער הערשל הימלפאַרב,ביידע פאַרברענטע שאַכיסטן. אָבער גאָטליב — אַ שווייגער, און הערשל הימלפאַרב — אַ שרייער. עס ליגט הערשלען אין בלוט צו זידלען דעם פּאַרטנער, אָן זידלען קען ער נישט שפּילן. אמת, דעם דאָקטאָר גאָטליב שאַנעוועט ער, אָבער זידלען מוז מען זיך דאָך. וואָס־זשע טוט ער? ער געפינט אַן אויסוועג. ער זידלט נישט דעם פּאַרטנער, נאָר ער זידלט די... פיגורן... ער שרייט צום פענדל: — קאַצמעלאַך, ים־קאַטער! צום טורעם שרייט ער: — כ'האָב דיך ניין איילן אין דר'ערד! צו דער מלכה זאָגט ער: — זאָלסט מיר זיין פאַר אַ שיינע

ריינע העצע, פאר מיר און פאר מיין גאנצער משפחה ונאמר אמן, מאכט א גאנג!

דר. גאָטליב שמייכלט דיסקרעט צו זיך אליין, ער ווייסט, אז ער, דר. גאָטליב, איז עס דער קאצמעלאך, אז ער איז עס דער ים־קאָטער, אז ער דארף זיין די שיינע ריינע העצע פאר הערשלען און פאר דער גאנצער משפחה. ער נעמט אָבער אלץ פאר ליב. ער שווייגט. ס'איז דאך הערשל הימלפארב.

נאָכן פארענדיקן זאָגט דער דאָקטאָר: — נו, הערשל, היינט האָט איר פארשפילט, אפשר וועט אייך מאָרגן גיין בעסער!

— מ'דארף נישט, — ענטפערט א צעפלאָמטער הערשל, — כ'שפיל נישט מער מיט קיין פושערס און דערצו נאך מיט דאָקטוירים. און ער גייט אוועק אָן א גוטע נאכט.

צומאָרגנס שפילן די צוויי פארטנערן אויפסניי א פארטיע שאך...

:: :: ::

נו, נענוג זכרונות. היינט איז א חנוכת־הבית. היינט דארף מען באַגריסן, היינט דארף מען ווינטשן. אז כ'האלט ביי ווינטשן, דערמאָן איך זיך א קליינעם עפיזאָד: דער אַקטיאָר יאָנאס טורקאָוו האָט געהאט א שוואכקייט צו שפילן קאמעראל־פיעסן פאר צוויי־דריי מענטשן (אויף דער בינע, מיין איך). צו זיינע פאָרשטעלונגען פלעגט ער נעמען קליינע טעאַטער־זאלעכלעך. איינמאָל, ביים שטעלן א פרעמיערע אין זיין נייעם טעאַטערל האָט ער פארן גיין אויף דער פאָרשטעלונג איבערגעלאָזט דער באלעבאָסטע, ביי וועלכער ער האָט געוווינט, צוויי פרייע בילעטן, זי זאָל קומען אין טעאַטער אריין. אויף דער פאָרשטעלונג האָט ער די באלעבאָסטע נישט געזען. אַהיימקומענדיק נאך דער פאָרשטעלונג, פרעגט ער ביי דער באלעבאָסטע, פארוואָס זי איז נישט געקומען אין טעאַטער.

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, פאניע טורקאָוו, כ'האָב יאָ געוואָלט קומען צו אייך, נאָר כ'האָב פארגעסן דעם נומער „מיעשקאניע” פון אייער טעאַטער.

איך ווינטש אונדזערע קאָלעגן שרייבער, אַז זיי זאָלן יאָ געדענקען דעם נומער „מיעשקאַניע" פון אונדזער פאַראיין. זאָל נאַרוטאָוויטשאַ 32 וו. 9, כאָטש אין מיניאַטור אָפּשפּיגלען די אַמאָליקע טלאָמאַצקע 13. לאָמיר ווידער עפענען דעם באַלקאָן און לאָמיר שרייען צו אונדזערע אָפּגעראַטעוועטע חברים, וואָס געפינען זיך איצט אין ניו־יאָרק, אין לאָנדאָן, אין ירושלים, אין תל־אביב און שאַנכאַי:

טייערע קאָלעגן, אַ שטיקעלע פון דער גרויסער ירושה, וואָס איר האָט אונדז איבערגעלאָזט, איז אונדז דאָך געלונגען אָפּצוראַטעווען. טלאָמאַצקע 13 איז אומשטערבלעך!

# ס'טויג נישט, ס'איז צו גוט...

ניין, איך בין נישט מסכים מיט די אלע, וואס באקלאגן זיך, אז „ס'איז שווער", „ס'איז אוממעגלעך", „ס'איז איבער די כוחות" ארויס־צוגעבן היינט א יידישע צייטונג אין פוילן.

ניין, איך בין מיט זיי נישט מסכים!

ווארום ווער, אבער א יידישער זשורנאליסט, וואס ארבעט היינט אין א יידישער צייטונג אין פוילן, האט זיך נישט אויף וואס צו באקלאגן.

אזא באקוועמלעכקייט און אזא גרינג לעבן ווי היינט האט נאך א יידישער זשורנאליסט אין א יידישער רעדאקציע קיינמאל נישט געהאט.

צי געדענקט איר ווי אזוי עס האט אויסגעזען א יידישע רעדאקציע אין דעם פארמלחמהדיקן פוילן.

א יידישע רעדאקציע, — דאס איז געווען א וואקזאל, א געגייעריי פון מענטשן אהין און צוריק און אויפהער. דער אויפשריפט ביים ארייג־גאנג: „מ'בעט פארמאכן די טיר" האט אויסגעזען ווי א חוזק. ווער — פון די הונדערטער קליענטן — האט זיך אומגעקוקט דערויף? און ווי אזוי איז מען געווען אימשטאנד צו פארמאכן די טיר, אז באלד איז געגאנגען א צווייטער, און הינטער אים א דריטער. פארמאכן די טיר האט בלויז גע־קענט דער לעצטער, און קיין לעצטער איז אבער קיינמאל נישט געווען — 24 שעה אין מעת־לעת איז די טיר געווען טעטיק, ווייל 24 שעה אין מעת־לעת האט די רעדאקציע געארבעט.

ווענן וואס איז מען אלץ געקומען אין א יידישער רעדאקציע? — וועגן אלעם.

**מ׳איז געקומען פרעגן: „וואָס הערט מען נייעס?" און „וואָס שמועסט** מען?" און „וואָס וועט זיין?", מ׳איז געקומען נאָכקומען טאַבעלן, מ׳איז געקומען נאָכקוקן קאָמפּלעטן, מ׳איז געקומען „אריינשטעלן אַ בריוו אין רעדאַקציע", מ׳איז געקומען פרעגן אַן עצה, מ׳איז געקומען געבן אַ הכחשה, מ׳איז געקומען זיך אַראָפּרעדן פון הארצן, מ׳איז געקומען בעטן און דאַנקען! אַלץ — דורך דער רעדאַקציע.

דער סובלאָקאַטאָר איז געקומען אין רעדאַקציע זיך קלאָגן אויף זיין באַלעבאָס, אַז ער האָט אים פאַרמאַכט ס׳וואַסער; און דער באַלעבאָס ווי־דער איז געקומען אין רעדאַקציע אריין סטראַשען דעם סובלאָקאַטאָר, אַז „ער וועט אים מער נישט האַלטן".

אין רעדאַקציע אַריין איז מען געקומען אוועקשטעלן אַ פּעקל „אויף אַ האַלבער שעה", אין רעדאַקציע איז מען געקומען איבערוואַרטן אַ רעגן, אין רעדאַקציע איז מען געקומען טעלעפאָנירן, אין רעדאַקציע איז מען געקומען פרעגן „ווי שפּעט איז?".

יעדער ייד האָט זיך געפילט אַלס מיט־באַלעבאָס צו דער צייטונג: „ס׳איז מיין רעדאַקציע".

און שטעלט אייך פאָר דעם מיטאַרבעטער אין רעדאַקציע, דעם זשורנאַליסט, וועלכער האָט שרייבנדיק זיין אַרטיקל, געמוזט אויפנעמען, אויסהערן און אָפּענטפערן!

אויב עס זענען ווייניק געווען די פּערזענלעכע קליענטן, האָט מען אין רעדאַקציע געהאַט אויסצושטיין פון פיל, פיל טעלעפאָנישע קליענטן. אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט אין רעדאַקציע — דאָס איז געווען אַ „פּערפּעטואום מאָבילע". אָן אָפּרו געאַרבעט. און אַז מ׳האָט בלויז אָנגעקוקט דעם אַפּאַ־ראַט, האָט מען געזען, ווי אויסגעהאָרעוועט ער איז: די שנור אויסגעריבן. די טעלעפאָן־נומערן אויפן אַפּאַראַט זענען אָפּגעמעקט און פונעם טרייבל האָבן אַרויסגעשמעקט די רעזולטאַטן פון די וואַלן צום סיים, צום שטאָט־ראַט און צו דער וואַרשעווער קהילה.

ביי יעדן רעדאַקציע־טיש, ווו ס׳איז נאָר געשטאַנען אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט, האָט מען ביי טאָג און ביינאַכט געהערט אַזעלכע דיאַלאָגן:

— האַ?!... ווער?... העכער!... יאָ!... ניין!... מאָרגן וועט איר לייענען אין בלאַט!

און ערשט וויפל צרות האָבן די זשורנאַליסטן געהאַט אויסצושטיין פון די זעצערס?

מ׳האָט כסדר אַלאַרמירט:

— די זעצעריי איז אָן קאַפּיע!

— ס׳איז שוין אַלץ אויסגעזעצט!

— מ׳וואַרט!

— די מאַשינען שטייען!

און דער זשורנאַליסט, נעבעך, האָט זיך געלאָזט אויף אַ געיעג מיט די לינאָטיפּן, וועלכע האָבן געהאַט אַ וועלפישן אַפּעטיט און האָבן „גע־שלונגען" איין זייטל נאָכן צווייטן...

יאָ, אַזוי איז עס געווען. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט מען אַמאָל געאַרבעט אין יידישע רעדאַקציעס.

און איצט?

איצט פּראַווען מיר אַ יובל. 25 נומערן „דאָס נייע לעבן" זענען שוין דערשינען. אין אַ יובל פירט זיך, אַז מען ווינטשט זיך.

וואָס־זשע ווינטשן?

איך מיין, אַז דער בעסטער ווונטש וואָלט געווען, אַז:

— „קירצלעך זאָל די רעדאַקציע ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וואָקזאַל! מ׳זאָל ווידער וואָס מער פאַרדרייען דעם קאָפּ! עס זאָלן ווידער רוישן די טעלעפאָנען! די לינאָטיפּן זאָלן ווידער וואַרטן אויף „קאַפּיע" און די זשורנאַליסטן זאָלן ווידער נישט קאָנען דעריאָגן די זעצער."

זאָל מען אונדז ווינטשן, אַז: „די טירן פון רעדאַקציע זאָלן ווידער נישט רוען". און זאָלן מיר, יידישע זשורנאַליסטן, מער נישט האָבן **אַזאַ גרינג לעבן!...**

# „אַמאַליקע" וויצן־שרייבער

וויצן־שרייבער אין דער יידישער פּרעסע אין פּוילן — דאָס איז גע־ווען אַ באַזונדער׳ע ראַסע...

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה זענען אין וואַרשע דערשינען בערך אַכט־ניין טעגלעכע צייטונגען אין יידיש, און יעדע צייטונג האָט געהאַט איר הומאָריסטישע אָפּטיילונג. ביי אַזאַ שפע פון הומאָר־טעריטאָ־ריע האָט דאָס וויצלער־געזינדל געהאַט וואָס „אויפצוטאָן". און מ׳האָט טאַקע נישט געוווסט, ווער — ווען עס האָט צו פאַרדאַנקען: צי אַדאַנק דער גרויסער צאָל וויצלער האָבן זיך געמערט די הומאָריסטישע אָפּטיי־לונגען, אָדער — אַדאַנק די הומאָריסטישע אָפּטיילונגען האָבן זיך געמערט די וויצלער...

די וויצן־שרייבער האָבן זיך איינגעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: פּ ר אָ פ ע ס י אָ נ אַ ל י ס ט ן און אַ מ אַ ט אָ ר ן. פּראָפעסיאָנאַליסטן זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געדרוקט און באַקומען באַצאָלט פון דער שורה; די וויצן האָבן געדאַרפט דעקן זייער באַשיידענעם „בודזשעט". אַמאַטאָרן־וויצלער, ווידער, זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן קודם כל געזאָרגט פאַר... כבוד; געוואָלט „שטיין אין צייטונג", „זיין געדרוקט" אין זען שוואַרץ־אויף־ווייס דעם נאָמען אין בלאַט...

מיט דער צייט אָבער איז יעדער אַמאַטאָר געוואָרן איבערגעזעטיקט מיטן כבוד, און האָט אויך געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון פאַרדינען פון שרייבן. ממה נפשך, — האָט ער זיך געטראַכט, — אויב מען דרוקט מיך, איז דאָך אַ סימן, אַז מען דאַרף מיך, און אויב מען דאַרף מיך, —

זאָל מען צאָלן... און אַזוי שטופנווייז האָט ער דורכגעמאַכט די אַמאַטאָר־ן־פּאַזע און איז געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנאַל.

יעדער וויצלער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע מיט קליינע וויצעלעך. געוואַרט מיט אומגעדולד אויף יעדן פּרייטיק, ווען זיין „ווערק" וועט זיך באַווייזן. צום פּרייטיק־נומער האָט דער וויצלער שוין דינסטיק געמוזט געבן מאַטעריאַל, אויב נישט האָט געדראָט, אַז עס זאָל „נישט אַריין". נישט איין וויצן־שרייבער האָט דורכגעמאַכט שלאָפלאָזע נעכט פון דינסטיק ביז פּרייטיק. יעדער טאָג האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר...

איך דערצייל דאָס אַלץ פון אייגענער דערפאַרונג. איך אַליין האָב דורכגעמאַכט די זעלבע שווערע צייטן, ווען כ'האָב געשטעלט די ערשטע שריט אויף די צייטונגס־שפּאַלטן.

עס איז פאַרבליבן אַ סוד ביזן היינטיקן טאָג, וויפיל „טראַגעדיעס" די וויצן־שרייבערס האָבן דורכגעמאַכט אין זייער „וויציקער טעטיקייט". אויסגעטראַכט אַ וויץ, אָנגעשריבן אים, אַוועקגעטראָגן אין רעדאַקציע. דער רעדאַקטאָר האָט אים אָנגענומען, דער וויץ איז „אַריין", זיך באַוויזן אין צייטונג, און... דער נאָמען, דער אונטערשריפט איז אַרויסגעפאַלן. צי איז עמיצער אימשטאַנד צו פילן די ליידן פונעם מחבר אינעם דאָזיקן פּרייטיק? דער שבת, פאַרשטייט זיך, איז שוין ביי אים דעמאָלט געווען אַ פאַרשטערטער...

ווי אַזוי האָט דער וויצן־שרייבער רעאַגירט ביי אַזאַ קאַטאַסטראָפע? — פאַרשידן. עס האָט זיך געוואָנדט אָן דער פּאָזיציע, וואָס דער דער־מאָנטער וויצלער האָט פאַרנומען אין דער הומאָר־אָפּטיילונג. אָדער ער האָט זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט, אַראָפּגעשלונגען דעם ביטערן „פּיל" און געשריבן ווייטער; אָדער די אַמביציע האָט אים נישט געלאָזט רוען און ער האָט געסטראַשעט צו „וואַרפן די אַרבעט", צו... פאַרשטרייקן. עס רעדט זיך נאָר אַזוי גרינג „פאַרשטרייקן". ווי אַזוי קען מען אָבער דורכ־לאָזן אַ „פּרייטיק" און נישט זיין פאַרטרעטן אין צייטונג? וואָס־זשע, אַלזאָ, האָט ער געטאָן? — אָנגעשריבן פרישע סחורה און „געדרייט זיך" אין רעדאַקציע, ס'רוב — נעבן טישל פון ז י י ן רעדאַקטאָר, געוואָרפן זיך אין די אויגן און געוואַרט, אַז ער זאָל אים פאַרטשעפּען. „פאַרטשעפּען" — דאָס האָט געהייסן, אַז דער רעדאַקטאָר זאָל אויפהייבן דעם קאָפּ פון

שרייב־טישל, ער זאָל באַוויליקן אים אָנצוקוקן און זאָל פרעגן דעם וויצ־לער: „נו, וואָס שטייט איר דאָ? איר האָט עפּעס געברענגט?"

אַזאַ פראַגע איז פאַרן וויצן־שרייבער געווען אַ שטיקל סאַטיספאַקציע; מילא, אַז מען פאַדערט, וועל איך געבן...

דער אַפּעטיט ביי די וויצן־שרייבער איז שטענדיק געוואַקסן. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט קליינע וויצן, שפּעטער פראָבירט מיט גרעסערע וויצן, און אַז מען איז געווען „געדרוקט", האָט מען שוין ריזיקירט אַפילו מיט אַ פּאָר גראַמען אויך... אָפּדרוקן אַ לידל אין דער הומאָריסטישער זייט. — דאָס איז געווען פאַר אַ וויצן־שרייבער אַ דערגרייכונג. ערשטנס, גייט אַ לידל שוין אַרויס פון די ראַמען פון „עפּעס דאַרט וויצן". פאַרט — אַ לידל. דאָס שמעקט שוין, אייגנטלעך, מיט פּאָעזיע... צווייטנס, אַ לידל זעט זיך בעסער אָן און עס איז חשובער. עס האָט קורצע שורות און ס'איז לענגער... און דריטנס, — ביי אַ ליד קען מען שרייבן דעם נאָמען פון אויבן און דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. אויבן איז פאַרט נישט אונטן...

און האָט אַ וויצן־שרייבער אָנגעהויבן צו געבן גראַמען אין דער הו־מאָריסטישער אָפּטיילונג, איז ער דאַן אַריינגעטרעטן אין אַ נייער פאַזע. ער האָט זיך שוין געפילט אַלס קרוב פון דער שרייבער־משפחה און זיך שוין אַפילו אָנגעהויבן דרייען ביים ליטעראַטן־פאַראיין, אויף טלאָמאַצ־קע 13.

אָבער, אויב ער האָט זיך שוין דעמאָלט געפילט אַלס אַ שטיקל תקיף ביי זיך אין דער משפּחה און צווישן מענטשן „אין גאַס", — איז ער נאָך אָבער אַלץ אין רעדאַקציע געווען אַ פרעמדער. נישט איין מאָל האָט מען זיך צו אים געווענדט אין רעדאַקציע: „פּאַניע, פּלאָנטערט זיך נישט אונ־טער די פיס. לאָזט אַרבעטן!" אָבער נאָך ערגער איז געווען, ווען עמיצער אין רעדאַקציע האָט אים אַ פרעג־געטאָן: „נו, איר האָט עפּעס אַ גוט ו ו י צ ל אויף הייניטיקן שבת?" דאָ האָט מען אים אינגאַנצן אַוועקגע־לייגט. וואָס עפּעס צו טראַקטירן אַזוי וואָכעדיק?... וואָס עפּעס „וויצל?"... דעם פאַרקלענערטן ווערטל איז דעמאָלט טרויעריק געוואָרן. ער האָט דערזען פאַר די אויגן אַ ג ר ו י ס ן אונטערשריפט, אָבער — אַ ק ל י י נ ע ם מיטאַרבעטער...

שעמעוודיק האָט ער זיך ארויסגעשאַרט פון רעדאַקציע־צימער, אריין אין בשכנותדיקן אדמיניסטראַציע־צימער, פאַרבייסנדיק די ליפּן, געבלע־טערט דעם קאָמפּלעט און נישט געוווּסט, וואָס ער זוכט דאָרט...

:: :: ::

איך זע איצט פאַר זיך א ריי וויצן־שרייבער פון דער „אמאָליקער" וואַרשעווער יידישער פּרעסע. ביים לעבן האָבן זיי נישט געהאַט קיין מזל מפורסם־צו־ווערן. לאָמיר כאָטש איצט זיי דערמאָנען; איצט, ווען זיי זענען שוין פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט דער אמאָליקער רייכער יידישער פּרעסע אין פּוילן.

:: :: ::

דער „קייסער" פון די וויצן־שרייבער פון די הומאָר־אָפּטיילונגען אין דער אמאָליקער יידישער פּרעסע אין פּוילן איז געווען: ר' שלמה. די חסידים פון די הומאָר־אָפּטיילונגען. איז די דאָזיקע אונטערשריפט געווען גוט באַקאַנט. די ערשטע צייטן האָט ער זיך געפּלעגט „אויסלעבן" אין „קרומען שפּיגל" פון וואַרשעווער „מאָמענט", שפּעטער אָבער האָט ער אויך אָנגעהויבן צו פאַרכאַפּן אַנדערע הומאָריסטישע טעריטאָריעס. ר' שלמהס אמתער נאָמען איז געווען: שלמה גאָלדפאַרב. ער האָט אָנגע־הויבן שרייבן וויצן נאָך אַלס יונגער בחור. געוואָרן א דערוואַקסענער־מענטש, זיך געעפנט אַן אייגן געשעפט, — א בוכהאַנדלונג, און געשריבן וויצן, חתונה־געהאַט, ס'ווייב האָט אים געבוירן א קינד און — געשריבן וויצן. איך געדענק ווי ס'קינד איז שוין געווען א דערוואַקסן יינגל, און — ר' שלמה האָט נאָך אַלץ געשריבן וויצן. ער האָט זיך מיטן „פאַך" בשום אופן נישט געשיידט...

ר' שלמה האָט תמיד שטאָלצירט: מיין פּסעוודאָנים איז נישט עפּעס דאָרט א פּסעוודאָנים סתם אין דער וועלט אריין. עס איז א פּסעוודאָנים מיט א געוויסער באַרעכטיקונג. שוין קליינערהייט האָב איך געהאַט א שוואַכקייט צו דער פעדער. אין שטוב האָט מען מיר שטענדיק געפּלעגט זאָגן: ר י ב, ר י ב ש ל מ ה! דערפאַר טאַקע, אז איך בין אונ־

טערגעוואקסן און כ'האָב אָנגעהויבן צו שרייבן, — האָב איך מיר אַ נאָמען געגעבן ר' ש ל מ ה"...

אין די ערשטע צייטן, ווען מ'האָט איינגעפירט אין דער יידישער פרעסע אין פוילן הומאָריסטישע אָפּטיילונגען, האָט מען יעדן פרייטיק געטיילט פרעמיעס פאַרן בעסטן וויץ. איך געדענק ווי דער הומאָר־רעדאַקטאָר אין „מאָמענט", דער טונקעלער, האָט געפּלעגט פרעמירן זיינע בעסטע מיטאַרבעטער פון „קרומען שפּיגל" מיטן בוך „די פּוילישע וועלדער" פון י. אָפּאַטאָשו. ס'איז געווען אַ צייט, ווען וואָך ביי וואָך האָט מען געקענט לייענען אין „קרומען שפּיגל" אַ מעלדונג: „היינטיקע וואָך באַקומט ר' שלמה פאַר זיין בעסטן וויץ די פּרעמיע „די פּוילישע וועלדער". צווישן די איבעריקע וויצן־שרייבער איז געווען אַ באַהאַלטענע קנאה, הלמאי אַלע פּוילישע וועלדער פאַלן־אַריין צו ר' שלמהן. ר' ש.מה איז אָבער נעווען שטאָלץ; און איינמאָל, געדענק איך, ווען כ'האָב ר' שלמהן געטראָפן אין רעדאַקציע פון „מאָמענט", איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און מיר איינגערוימט אויפן אויער: „כ'האָב שוין 18 פּוילישע וועלדער!"...

אין דער זעלבער צייט האָט זיך ר' שלמה געעפנט אַן אייגענע בוכהאַנדלונג אויף דזשיקע־גאַס אין וואַרשע. צווישן היימישע האָט ער געפלעגט זאָגן: „איר זעט דאָס געשעפט? דאָס אַלץ איז מיר פון אַ וויץ געקומען! כ'האָב באַקומען אַזוי פיל ביכער אַלס פרעמיע, אַז כ'האָב שוין נישט געהאַט ווו זיי צו לייגן, כ'האָב מיר דעריבער געמוזט עפענען אַ ביכער־געשעפט!..."

ר' שלמהן האָט דערנאָך אין זיין מסחר אָנגעהויבן צו גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ; דאגות־פּרנסה, וועקסלען, פּראָטעסטן, שטייערן און סתם צרות. ער האָט אָבער אין דער קריטישסטער צייט זיך נישט פאַרלוירן און כסדר געהאַט דעם עול „אַריינצוואַרפן" אויף יעדן פרייטיק אַ וויץ אין ציטונג...

:: :: ::

דעם סאַמע אויבן־אָן צווישן די וויצן־שרייבער האָט שפּעטער פאַרנומען מ. ט י ק אָ ט ש י נ ס ק י. ער האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע

מענטשן, וואָס אויסערלעך ענדערן זיי זיך קיינמאָל נישט. אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקענט, האָט ער געהאַט דעם זעלבן אויסזען: אַ געדיכטן קאָפּ האָר, אַ קיילעכדיק רויט פּנים, אַ מויל ווייסע ציין און אויגן, וואָס לאַכן תמיד. שטענדיק געווען פריילעך און צופרידן פון זיך. אפילו ווען עמיצער האָט אים געזידלט, אָדער ער האָט עמיצן געזידלט, — האָט ס'פּנים שטענדיק געשמייכלט. אָן אַ וויץ האָט ער קיינמאָל נישט גערעדט. מערסטנטייל האָט ער זיך באַנוצט ביים רעדן מיט זיין מאַטעריאַל, וואָס דאַרף זיין געדרוקט פּרייטיק, און טאַקע נישט אין איין צייטונג, נאָר — אין אַלע צייטונגען. וואָרום מ. טיקאָטשינסקי איז געווען דער פּראָדוקטיווסטער וויצן־שרייבער. אומעטום „זיך געדרוקט" און אומעטום זיך אונטערגעשריבן אַנדערש. ער האָט געהאַט יתרום נעמען: מאַטקע, טיק־טאַק, „טיק", „מאַטאַציקל". אין יעדער רעדאַקציע איז ער געווען אַן אייגענער. געקענט די שוואַכקייטן פון יעדן מיטאַרבעטער באַזונדער. געווען טאָלערירט אין יעדער רעדאַקציע, אַביסל צוליב יחוס עצמו, און אַביסל האָט ער זיך געפילט „פעסט" אין די „ליטעראַרישע קרייזן" צוליבן יחוס פון ברודער; דער ברודער זיינער, ישראל טיקאָטשינסקי (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ), האָט געהערט צו דער קינסטלער־משפּחה, געווען אַ קונסט־מאָלער. מ. טיקאָטשינסקי איז נעגאַנגען שנעל פאָראויס אין זיין אַרבעט, און אין די לעצטע יאָרן איז ער אפילו אַרויס פון די ענגע ד' אמות אין די הומאָר־אָפּטיילונגען און גענומען שרייבן פעליעטאָנען אויף אַ מער־זעלבסטשטענדיקן פּלאַץ, נישט — עפּ כל הנערים. ער האָט שוין אויך געפּרוווט מאַכן „שבת פאַר זיך", אַרויסגעבנדיק פון צייט צו צייט אַן אייגן וויצן־בלעטל.

:: :: ::

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט זיך באַוויזן אַ נייע וויצן־קראַפט אין די וואַרשעווער הומאָריסטישע אָפּטיילונגען. ווי אַזוי דער נייער וויצן־שרייבער האָט געהייסן לויטן פּאַס, האָט קיינער נישט געוווסט. אין יעדער רעדאַקציע האָט מען אים גערופן מיט אַן אַנדער נאָמען, ווייל אין

יעדער צייטונג האָט ער זיך אַנדערש אונטערגעשריבן. געקומען איז ער צו דער הומאָריסטישער קאַריערע גלייך פון דער ישיבה. ער איז „קאַליע געוואָרן" און זיך געלאָזט אויף ווייציקע וועגן... די וויצן זיינע זענען געווען געבויט אויף תורה־ווערטלעך און פסוקים. אין יעדער רעדאַקציע האָט ער וואָך־ביי־וואָך געבראַנגט צו שלעפּן בערך... טויזנט שורות. דערפון האָט דער הומאָר־רעדאַקטאָר אויסגעקליבן אומגעפער, פון צען ביז צוואַנציק שורות. דאָס איבעריקע האָט מען אים געפּסלט. ער האָט זיך אָבער דערמיט ווייניק איבערגענומען. די נעכסטע וואָך האָט ער ווידער געבראַנגט די זעלבע געפּסלטע סחורה. אויב מ'האָט אים „געכאַפּט ביי דער האַנט" און געפרעגט: „ס'טייטש? ווי פאַלסטו עפּעס אויס צו געבן נאָכאַמאָל דאָס זעלבע?" — האָט ער געענטפערט:

— ראשית האָב איך נישט געגלויבט, אַז אַ רעדאַקטאָר פון אַ הומאָריסטישער אָפּטיילונג זאָל האָבן אַזאַ גוטן זכרון און געדענקען, וואָס אַזוינס עס האָט אים יענע וואָך נישט געפעלן... והשנית, אויב עס האָט יענע וואָך נישט געטויגט, איז נאָך נישט קיין סימן, אַז עס וועט היינטיקע וואָך אויך נישט טויגן; יענע וואָך האָט דער רעדאַקטאָר געקענט האָבן אַ שלעכטע שטימונג, און היינטיקע וואָך — אַ בעסערע; מ'איז דאָך נאָר אַ מענטש!...

און — מען מוז מודה־זיין, אַז אַביסל איז ער טאַקע געווען גערעכט. פון דער נישט־טויגבאַרער סחורה, האָבן זיך ווידער אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר שורות. און אַזוי האָט מען יעדן פרייטיק געזען זיין מאַטעריאַל אין אַלע וואַרשעווער יידישע צייטונגען, אָן אונטערשיד פון ריכטונג. זיינע וויצן און גלייכווערטלעך האָבן געהאַט אַזעלכע „קעפּלעך", ווי „ר' סענדער זאָגט...", אָדער — „אַזוי זאָגט סענדערל...", אָדער גאָר — „יאַנקעלע זאָל לעבן זאָגט..." אין די רעדאַקציעס האָט מען אויף יאַנקעלע־סענדער געקוקט ווי אויף אַ נאַאיוון, אומבאַהאָלפענעם בחור. טייל האָבן אים גערופן „אָפּערמאַ!" (שלימזלדיקער זעלנער אין מיליטער) און אַנדערע האָבן אים עמפּאַנגען מיט די ווערטער: „שאַ, דער „זאָגער" גייט!", און יאַנקעלע־סענדער האָט געקוואָלן פונעם „ברוך־הבא!"...

מיט דער צייט האָט סענדער פאַראייגפאַכט זיין טעכניק. צו וואָס געבן אין יעדער רעדאַקציע אַנדערע וויצן? ס'איז צופיל אַרבעט!

האָט ער דעריבער באַשלאָסן פונאַנדערצוטראָגן אין אַ ל ע רעדאַק־ציעס די ז ע ל ב ע וויצן.

פּרייטיק, ווען אין אַלע צייטונגען האָבן זיך באַוויזן די זעלבע חכמות, האָבן די הומאָר־רעדאַקטאָרן געהאַט צו אים טענות. ער איז אָבער נישט נתפּעל־געוואָרן און האָט געענטפערט צוריק מיט אַ טענה:

— זעט׳ס נאָר דעם הטא, וואָס איך בין באַגאַנגען! וואָס איז פאַר אַן אומגליק, אַז עס איז אומעטום דאָס זעלבע? און אַז „א י ט אַ" גיט אין אַלע צייטונגען די זעלבע ידיעות? און אַז „יונייטעד פּרעס" באַדינט מער צייטונגען ווי איך און פונדעסטוועגן — אומעטום דאָס זעלבע... זיי האָבן זיך ז יי ע ר ע אַגענטורן, און איך האָב מיר מ יי ן אַגענ־טור. איך האָב מיר אַ וויצן־אַגענטור! נו, טאָר איך נישט?...

# ווי אזוי הומאָריסטן פון דער וואַרשעווער פּרעסע האָבן געפּראַוועט פּסח

ס'איז פּסח. איך טראַכט וועגן אַ פּסחדיקן פעליעטאָן. איך קאָן נישט געפינען קיין טעמע. די לעזער זענען דאָך בטבע עגאָאיסטן. זיי פאַלט קיינמאָל נישט איין זיך צו אינטערעסירן: צי האָט ער שוין, דער שרייבער, אַ טעמע? צי דאַרף מען אים נישט קומען צו הילף מיט עפּעס אַ געדאַנק, אַן אויפטו, אַן עצה?

די לעזער קומען תמיד צום גרייטן. זיי קויפן אַ צייטונג, מישן אויף און לייענען. אָדער זיי קויפן אַ צייטונג, מישן אויף און לייענען נישט. אָדער זיי קויפן אַ צייטונג, מישן גאָרנישט אויף און לייענען גאָרנישט. אָדער זיי טוען נאָך בעסער: זיי קויפן אינגאַנצן נישט און זענען פּטור סיי פון מישן און סיי פון לייענען.

ס'איז פּסח. כ'האָב נישט קיין טעמע. מילא, וועל איך היינט נישט שרייבן קיין פעליעטאָן. ס'וועט נישט זיין קיין לאָך אין הימל. און קיין פּראָטעסט־מיטינגען וועט מען צוליב דעם נישט מאַכן. און קיין דעמאָנס־טראַציעס וועלן זיכער צוליב דער דאָזיקער געשעעניש אויך נישט פאָר־קומען. און טאָמער וועט מען מיך רופן אין „בעזפּיעטשענסטוואָ"*) וועל איך אויפקלערן פּראָסט און קלאָר:

— כ'האָב נישט פון וואָס צו שרייבן קיין פּסחדיקן פעליעטאָן. נישטאָ היינט די שפע פון יידישע טעמעס. נישטאָ אין פּוילן דאָס קאָכעדיקע יידישע לעבן, וואָס איז געווען.

אַמאָל...

*) זיכערהייט־אַמט.

אמאָל איז דאָך פסח געווען דער הויך־סעזאָן פאַר הומאָריסטן אין דער יידישער ווארשעווער פרעסע.

ביי וועמען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פסח ערשט פון סדר, אָבער ביי הומאָריסטן האָט זיך דער פסח אָנגעהויבן נאָך אַ שטיק פאַר דער סדר־נאַכט.

עטלעכע טעג נאָך פורים, האָט מען שוין ארויסגעצויגן די הגדה פון שאַנק און זיך גענומען זי „באַאַרבעטן". מ'האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין וואָרט פון דער הגדה, וואָס לאָזט זיך נאָך צופאַסן צו אַ געזעלשאפט־לעכן אָדער פּאָליטישן מוער. און צוגעפּאַסט האָט מען אַלץ, אָנהויבנדיק פון „קדש" און ענדיקנדיק אויפן „חד־גדיא".

ס'איז שוין געווען אַ טראַדיציע, אַז דער „קדש" פון דער הגדה איז ביי יעדן הומאָריסט, יאָר־יערלעך, אויסגענוצט געוואָרן אריינצוזאָגן די פּסחדיקע ווייַן־בראַנזשיסטן. אמתער „כרמל", — נאָכגעמאַכטער „כרמל". כשרער וויין, — נישט כשרער וויין. פאַר הומאָריסטן האָט בכלל נישט עקזיסטירט קיין גוטער וויין. אַלע ווייַנען זענען ביי זיי געווען לויטער וואַסער. און אַז מ'האָט גערעדט וועגן וויין, האָט מען שטענדיק צום ווייַן־וויץ צוגעטשעפּעט די ווייסל. און אויב אַ הומאָריסט פון איין צייטונג האָט זיך נישט געוואָלט צוזאמענטרעפן מיט אַ הומאָריסט פון דער קאָנ־קורענץ־צייטונג מיטן זעלבן וויץ — האָט ער זיך גענומען אויף פּסח צו „קדש" אָנשטאָט די ווייסל, — דעם בוג.

דער „הא לחמא עניא" איז ביי די הומאָריסטן געווען רעזערווירט ספּעציעל פאַרן „בית־לחם" און פאַרן „תומכי־עניים", וועלכע האָבן געפלעגט דורכפירן פּסח־אקציעס און געטיילט באַנעס פאַר אָרעמע־לייט. פון דער אויסטייטשונג זענען געווען צופרידן ביידע צדדים. די אָרע־מעלייט זענען געווען צופרידן, וואָס מען „זאָגט ארייַן" דער געזעלשאפט פאַר די נעבעכדיקע פּאַרציעס, וואָס זיי טיילן, און די געזעלשאפטן זענען געווען צופרידן, וואָס מען מאַכט זיי „רעקלאַמע".

„כורך" איז שטענדיק געווען געווידמעט די פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס. עס האָט זיך נאָר געוואַנדט אָן דעם, אין וואָסער צייטונג דער „כורך" איז אריינגעפאַלן. אָדער אַ ציוניסט האָט גענומען און צוזאַ־

מענגעלייגט אַן אַגודהניק מיט אַ בונדאָוויעץ און געגעסןביידע צוזאַמען, אָדער אַן אגודהניק האָט צוזאַמענגעלייגט אַ ציוניסט מיט אַ בונדאָוויעץ און געגעסן ביידע צוזאַמען. יעדנפאַלס, איינער דעם אַנדערן האָט אויפגעגעסן.

אויך דער „מ ר ו ר" האָט יעדן פּסח געהאַט זיין שטענדיקן אָפּזאַץ־מאַרק ביי די הומאָריסטן. אַמאָל האָט מען אַלס אָביעקט פון „מרור" געפּלעגט באַנוצן די שוויגער. שפּעטער אָבער, ווען דער יידישער הומאָר איז אַרויס אויף ברייטערע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע שליאַכן, האָט מען ליקווידירט די שוויגער. אַלס אַן אויסטייטשונג צו „מרור" האָט מ׳ען מערסטנטייל גענומען די פאַרשידענע אַנטי־יידישע גזרות. אין די צייטן למשל פון שחיטה־געזעץ, איז אין יעדער צייטונג די מאַדאַם פּריסטאָר געגאַנגען מיטן „מרור" האַנט ביי האַנט.

אַז מ׳איז צוגעקומען צו די „מ כ ו ת" פון דער הגדה — דאָ האָבן די הומאָריסטן זיך ממש מחיה־געווען. יעדע מכה איז געווען מיט גאָלד צוגלייך. ס׳האָט נישט געפעלט אויף וועמען אויסצוטייטשן. און וואָלטן געווען נאָך צען מכות אין דער הגדה, וואָלט מען זיי אויך פאַרצוקערט. ס׳איז געווען אַ גאַנגבאַר אַרטיקל.

אויף דער מכה „ב ר ד" האָט שוין ספּעציעל געהאַט אַ קאָנצעסיע דער סוחרישער קלאַס. „ברד" — האָט מען אויסגעטייטשט: „עס האָגלט" אויף די נאַלעוועקעס מיט פּראָטעסטן. פונדעסטוועגן האָבן די נאַלעוועקער סוחרים זיך נישט גענומען צום האַרצן די דאָזיקע מכה, און באַלד חול־המועד־פּסח ווידער אונטערגעשריבן וועקסעלעך.

אָבער דעם דאַנקבאַרסטן מאַטעריאַל האָבן די הומאָריסטן געפונען אין „די פיר בנים פון דער הגדה". עס האָבן קיינמאָל נישט געפעלט אויף דער יידישער גאַס קיין קאַנדידאַטן אויף אַ חכם, אויף אַ רשע, אויף אַ תם, און אויף אַ שאינו יודע לשאול.

ערב פּסח האָט שוין אויף אַ סך קהל־לייט געציטערט די הויט נישט אַריינצופאַלן חלילה דורך די הומאָריסטן אין דער משפחה פון די פיר בנים. און אויב שוין יאָ אַריינפאַלן, איז יעדער באַשטאַנען באַדיי אויפצוטרעטן אין דער ראָל פון „רשע", אַבי נישט אין דער ראָל פונעם „תם" אָדער „שאינו יודע לשאול"...

אין די לעצטע יאָרן איז אָבער דאָס אָרט פון רשע כמעט אין אַלע ציײטונגען געווען באַזעצט מיט איין און דעם זעלבן קאַנדידאַט, — מיט היטלערן. די הומאָריסטן האָבן געמיינט, אַז די הגדה וועט אַוועקלייגן היטלערן. זיי האָבן זיך אָבער טועה געווען. נישט די הגדה, נאָר די **קנײדלעך האָבן אים אַוועקגעלייגט.**

אין די הומאָריסטישע אָפּטיילונגען האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט די קאַריקאַטור.

ווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ הומאָריסטישער אָפּטיילונג האָט געדאַרפט געבן דעם צייכענער אַ טעמע אויף אַ קאַריקאַטור צו דער וועכנטלעכער **הומאָריסטישער אָפּטיילונג, האָט ער זיך אַ גאַנצע וואָך פריער געבראָכן** דעם קאָפּ. דערפאַר אָבער, אַז עס איז געקומען פּסח, איז ער געשווומען אין טעמעס. ער האָט געהאַט אַזאַ אויסוואַל, אַז ער האָט פּשוט נישט געוווסט, פון וועלכער טעמע פריער אָנצוהויבן. „אַלץ ווערט געכשרט" — איז געווען אַ זיכערע פּסחדיקע טעמע. וואָרום ס'איז געווען אין פּוילן אַ גרויסער קאָכעדיקער יידישער קעסל און ס'האָבן קיינמאָל נישט געפעלט קיין בעלנים צום כשרן און געכשרט צו ווערן...

אויך אַזאַ צייכענונג, ווי: „**מען פרעגט קשיות**" איז יעדן פּסח געווען שטאַרק אַקטועל. ס'איז שטענדיק געווען **וועמען** צו פרעגן און **ווער** עס זאָל פרעגן.

דער קינסטלער ש. פייגענבוים, וועלכער איז אומגעקומען אין געטאָ, איז געווען דער הויפּט־קאַריקאַטוריסט פון דער יידישער פּרעסע אין וואַר־שע. ער האָט געצייכנט קאַריקאַטורן פאַרן „היינט", „מאָמענט", „אונדזער עקספּרעס" און אַפילו פאַרן אגודהשן „טאָגבלאַט", וועלכער האָט אויך געהאַט אַ הומאָריסטישע אָפּטיילונג.

פייגענבוים האָט היטלערן אַזוי פיל מאָל געצייכנט, אַז ער האָט זיין פּרצוף שוין געדענקט פון אויסנווייניק. ער האָט געקענט היטלערן צײ־כענען אַפילו אין דער פינצטער און מיט פאַרמאַכטע אויגן.

אַז עס איז געקומען פּסח, האָט פייגענבוים געאַרבעט בײטאָג און ביינאַכט. טעלעפאָניש האָט ער אויפגענומען די טעמעס. געווען פאַלן, ווען מ'האָט אים אויפגעגעבן אַ טעמע, האָט ער אָפּגענירט. נישט דער־

פאַר, וואָס די טעמע געפעלט אים נישט, נאָר — ווייל די טעמע איז שוין געווען פאַרנומען דורך אַן אַנדער צייטונג...

כ'געדענק אַזאַ פאַל, וואָס איך האָב געהאַט אין אַן ערב פּסח. כ'האָב אויפגעגעבן צו צייכענען אַ „רשע", האָט מיר פייגענבוים געענטפערט, אַז ער מאַכט נישט, ווייל דער זעלבער רשע גייט שוין אין „היינט". נאָר וואָס דען, ער האָט מיר געגעבן אַן אויסוועג, כ'זאָל מיך פאַרשטענדיקן מיטן „היינט", ווייל ער האָט געהערט, אַז דער לוסטיקער פּעסימיסט האָט נאָך אַ „רשע" אין זאַפּאַס.

דער סוף איז געווען, אַז דער לוסטיקער פּעסימיסט האָט מיר טאַקע אָפּגעטראָטן זיין „רשע" און איך האָב אים דערפאַר געגעבן אַ „חכם".

יאָ, דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל, ווען עס האָט געקאָכט און געזידט דאָס יידישע לעבן אין פּוילן. היינט וואָלט איך זיך דאָס נישט אונ־טערגענומען.

און דערפאַר זאָג איך:

איך שרייב נישט דאָס מאָל קיין פּסח־פעליעטאָן!

# אַ קאָמיטעט אין שטוב*)

אָדער

## אַ בילדל פון יידישן באַלעבאַטישקייט אינעם נאָכמלחמהדיקן פוילן

פערזאָנען:

מאַן,
ווייב,
דינסט,
רעפּאַטריאַנט,
רעפּאַטריאַנטקע.

(אַן עס־צימער. אויף אַ זייטיק טישל — אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט. אין צימער געפינט זיך די דינסט. זי האַלט אַ באַרשט און רוימט.)

ד י נ ס ט (זינגט):טשירי־באַם, טשירי־בים, טשירי־באַם, באַם, באַם, באַם! (טעלעפאָן קלינגט) שוין ווידער! אַזוי אַ גאַנצן טאָג אָן אויפהער! מ׳קען משוגע ווערן (דער טעלעפאָן קלינגט אָן אויפהער, זי נעמט ס׳טרייבל). נישטאָ אין דער היים!!!... ר׳איז אין קאָמיטעט! ז י א ו י ך אין קאָמיטעט! האַ?... יאָ... ער — אין וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, זי — אין פּאָוויאַטאָוון! ניין, פאַרקערט. ער — אין פּאָוויאַטאָוון, און זי — אין וואָיעוואָדישן. ניין, וואָס רעד איך... ער אין וואָיעוואָדישן... און זי... לאָזט מיך געמאַך! כ׳דאַרף צורוימען (וואַרפט אַוועק ס׳טרייבל). עפּעס אַ

*) אויפגעפירט אין דעם ניי־געשאַפענעם קליינקונסט־טעאַטער אין פוילן „שיריים". אונטער דער ליטעראַרישער לייטונג פונעם מחבר.

רעפּאַטריאַנט־משיכקאַ! (רוימט און זינגט.) טשירי־באַם, טשירי־באַם... (אַ קלונג ביי דער טיר) מ׳קלינגט שוין ווידער! אַזוי אַ גאַנצן טאָג! אָדער פון פאָרנט אָדער פון הינטן! (שרייט) כ׳גיי שוין! כ׳גיי שוין! (אָפּ. קומט צוריק מיטן באַלעבאָס.)

מאַן: כ׳האָב געמיינט, עמיצער איז דאָ. כ׳האָב געהערט רעדן.

דינסט: דורכן טעלעפאָן, אַ רעפּאַטריאַנט. אַ גאַנצן טאָג נאָר מען קלינגט און מען קלינגט. אַז כ׳הער אַ בייז גלעקל, — ווייס איך שוין, אַז אַ רעפּאַטריאַנט. כ׳שיק זיי אַלע צו אייך אין קאָמיטעט אַריין און צו אייער ווייב אין קאָמיטעט אַריין.

מאַן: כ׳האָב דיר שוין טויזנט מאָל געזאָגט, אַז אויב מ׳קלינגט צו מיר, זאָלסטו שיקן צו מיר אין קאָמיטעט אַריין. און אויב מען קלינגט צו מיין ווייב...

דינסט: ...זאָל איך שיקן צו איר?!...

מאַן: ניין, אויך — צו מיר! ביי מיר איז איר וואַיעוואָדישער קאָמיטעט נישט מער יחסן ווי מיין פּאָוויאַטאָווער קאָמיטעט. פאַרשטייסט? (זעצט זיך צום טיש, נעמט אַרויס אַ פּעקל פּאַפּירן. אַ קלונג ביי דער טיר.)

דינסט (שרייט אַרויס): שוין! שוין! (צום באַלעבאָס) די חברטע מאַדאַם גייט! ס׳איז איר גלעקל. נערוואָזע (אָפּ. ווייב קומט).

ווייב: שוין אין שטוב? (איראָניש) דער פּאָוויאַטאָווער קאָמיטעט אַרבעט פלייסיק, נישטאָ וואָס צו רעדן...

מאַן (פאַרטאָן אין די אַקטן): נישט ערגער ווי דער וואָיעוואָדישער.

ווייב: נו, נו, הלוואַי וואָלט דיין קאָמיטעט געאַרבעט כאָטש אַ דריטל ווי מיינער, וואָלט מען זיך נישט אַזוי געקלאָגט אויף אייך. (אין שפּיגל) זע נאָר ווי כ׳זע אויס. אַן אויסגעהאָרעוועט פּנים. דאַר און איינגעשרומפּן. כ׳זע שוין באַלד אויס ווי „פּזשידזשיאַל" פון אַ רעפּאַטריאַנט.

מאַן: דאַרפסט איר געבן גרעסערע „פּזשידזשיאַלן", וועט איר בעסער אויסזען...

ווייב: גענוג, גענוג! דאָ איז די שטוב, דאָ איז נישט דער קאָמיטעט. כ׳נעם דיר צו ס׳וואָרט!

מ א ן : האָסט נישט קיין רעכט! כ'רעד פאַרמעל!

ו ו י י ב : פאַרמעל, נישט פאַרמעל. די דיסקוסיע איז געשלאָסן.

מ א ן : פּראָטעסטיר איך.

ו ו י י ב : שריפטלעך קענסטו פּראָטעסטירן, און נאָר אין די אמט-שעהן. נישט איצט.

מ א ן : פייגעלע, כ'דערקלער דיר קאַטעגאָריש, אַז דו וועסט מיך נישט מאַ־יאָ־רי־זי־רן.

ו ו י י ב : זאָג איך דיר, וועלוול, אַז — יאָ! דערווייל איז נאָך דאָ אַ רעגולאַמין אויף דער וועלט. דו פאַלסט מיר אַרונטער.

מ א ן : וועל איך דיר ווייזן, פייגעלע, אַז דו וועסט מ י ר אַרונטער־פאַלן!

ו ו י י ב : קיינמאָל אין דער וועלט נישט! ווער איז גרעסער: איך צי דו? דערווייל בין איך אַ וואָיעוואָדישער און דו — אַ פּאָוויאַטאָווער!...

מ א ן : געווג, גענוג! דער טאָג־אָרדענונג איז אויסגעשעפּט. כ'שליס די זיצונג.

ו ו י י ב : ווער ביסטו דאָס, וואָס דו שליסט די זיצונג?

מ א ן (שטאָלץ): פּרעזעס פון פּאָוויאַטאָוון קאָמיטעט, פייגעלע!

ו ו י י ב : און איך בין גענעראַל-סעקרעטאַר פון וו אָ י ע וו אָ-ד י ש ן קאָמיטעט, וועלוול!

מ א ן : וועל איך רופן אַ פּלענום!

ו ו י י ב : אַז כ'וועל סאַנקציאָנירן, וועסטו רופן!

מ א ן : אָבער אַ מעמאָראַנדום האָב'ך ס'רעכט אַריינצוטראָגן? אַ?

ו ו י י ב : אויב כ'וועל פריער דיך נישט אַראָפּזעצן!

מ א ן : ווער וועט מיך אַראָפּזעצן?

ו ו י י ב : איך וועל דיך אַראָפּזעצן. גיב מיר די שטעק־שיך, ס'ברע-נען מיר די פיס!

מ א ן (דערלאַנגט איר די שטעק־שיך): דו שפּרינגסט שוין צו הויך, מיין ווייב! עס עקזיסטירט נאָך דערווייל אַ „צע-קאַ" אויך... אַ צענטראַל-קאָמיטעט!

וו י י ב (קאַלטבלוטיק): אפילו צום צענטראַל־קאָמיטעט מוזטו אויך גיין דורכן וואַיעוואָדישן, צי מיר אראָפּ די שיך!

מ א ן (שנורעוועט אויף אירע שיך): און איך וועל מיר נישט לאָזן קריכן אויפן קאָפּ, כ׳וועל דיך ארונטעררייסן!

וו י י ב (ווייזנדיק אויף אירע שיך): פעסטער, פעסטער רייס!

מ א ן (אויסטוענדיק איר די שיך): א יידענע וועט מיט מיר נישט „זשאָנדזשען"! אויב דער צ. ק. וועט נישט העלפן (בייז), וועל איך רופן א מיטינג!

וו י י ב (הויך): א מיטינג?

מ א ן (קלאַפּט אין טיש): יאָ, א מיטינג! א מיטינג!

(דינסט קומט אריינצולויפן.)

ד י נ ס ט : וואָס, מיטיק? ס׳איז שוין פארטיק פון לאַנג ס׳מיטיק.

וו י י ב : פאַרוואָס־זשע גיסטו נישט אויף, אז ס׳איז פארטיק?

ד י נ ס ט : כ׳האָב געוואַרט אויף אינסטרוקציעס...

מ א ן : ...פון פרעזעס פון פּאָוויאַטאָוון קאָמיטעט!

וו י י ב : ניין, פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון וואַיעוואָדישן קאָמי־טעט!

מ א ן : פייגעלע, רעכן זיך מיט די ווערטער! דו רייסט אראָפּ דעם פרעסטיזש פון פּאָוויאַטאָוון קאָמיטעט פאַר דער עפנטלעכקייט! (ווייזט אויף דער דינסט).

וו י י ב (אָפיציעל): איך רייס נישט ארונטער דעם פּאָוויאַט, איך הייב נאָר אויף די וואַיעוואודזטווע, פארשטייסט?

מ א ן : דו וועסט טראָגן די קאָנסעקווענצן!

וו י י ב : אז כ׳וועל דאַרפן טראָגן, וועל איך טראָגן!

ד י נ ס ט : יאָ, גאַנץ גוט. אָבער וואָס איז מיטן מיטיק. שוין דאָ א רעזאָלוציע צי — נישט?

מ א ן (באַפעלעריש): ארויסגעבן צוויי מיטאָגן!

ד י נ ס ט : איינשטימיק אָנגענומען?

וו י י ב : איינשטימיק, איינשטימיק!

ד י נ ס ט : הייסט עס, דער אפעטיט האָט א מערהייט, גוט. כ׳ברענג

שוין אריין. (גייט ארוים, קומט גלייך צוריק.) נאָך א קליין וואָרט צו דער טאָג־אָרדענונג קען איך בעטן?

מ א ן : אָבער שנעלער, ס'הונגערט מיך!

ד י נ ס ט : כ'האָב נישט געמאכט קיין קאָטלעטן צו מיטיק, ווייל דאָס פלייש לאָזט זיך נישט פראָדוקטיוויזירן, כ'האָב געמאכט געבראָטנס.

ו ו י י ב : זאָל זיין געבראָטנס! אָבער גיט שוין אמאָל צו עסן! (דינסט אָפּ.) נו, א שיקסע ביים רב...

מ א ן : א שיקסע ביי דער רביצן! ד ו פירסט דאָך ס'רעדל! מיינע שונאים זאָלן ארבעטן אין פּאָוויאטאָווע קאָמיטעטן און די ווייבער זייערע זאָלן ארבעטן אין די וואָיעוואָדישע. מ'מעג זיך דעמאָלט לעבעדיקערהייט באגראָבן...

ו ו י י ב : זעטס נאָר, זעטס נאָר, ס'האָט זיך צערעדט ווי א גאַנצער עשאַלאָן! אפשר וועסטו פארמאכן אויף א פּאָר מינוט דיין אָפּטיילונג פאר קולטור און פּראָפּאַגאַנדע? אויב ד ו וועסט זי נישט פארמאכן, וועל א י ך דיר פארמאכן!

(ס'קומט אריין די דינסט מיט א טאַץ און צוויי טעלער)

ד י נ ס ט (וויינענדיק): אוי ווי, אוי ווי, די זופּ ברינט אזוי און כ'האָב מיר פארגעסן דעם גאַנצן „פּזשידזיאַל". (ווישט זיך אָפּ די בלוזקע. טעלעפאָן קלינגט.) עסט!... עסט!... כ'וועל שוין אליין צוגיין (אין טרייבל) דער טעלעפאָן פונקציאָנירט נישט. (לייגט אוועק ס'טרייבל.) כ'ברענג שוין אריין נאָך!

מ א ן : וואָס גייט דאָרט ווייטער?

ד י נ ס ט (שטייענדיק שוין ביי דער טיר): קאָנסערווון „אַלאַ דזשאָינט" און לאָקשן מיט „אונרא"־יויך. (אָפּ.)

ו ו י י ב : וועלוול...

מ א ן : העו...

ו ו י י ב : ווי שמעקט דיר די זופּ?

מ א ן : פונקט ווי די ציימונג...

וו י י ב : וואָסער ציַיטונג?

מ אַ ן. „דאָס נײַע לעבן", אַביסל — דאָס, אַביסל — יענץ, און אַרום און אַרום האָט עס נישט קיין טעם...

(דינסט קומט אַרײַן און ווישט די טרערן.)

ד י נ ס ט (וויַינענדיק): מיט אַ גוטן אַפּעטיט!

מ אַ ן : וואָס פאַרא אַפּעטיט, ס'פלייש גיב אַרײַן;

ד י נ ס ט (ווישט די טרערן): דערפאַר זאָג איך דאָך ביי דער זופּ אַ „גוטן אַפּעטיט", ווייל ס'פלייש איז שוין נישטאָ.

וו י י ב : ווו איז ס'פלייש?

ד י נ ס ט : פאַרברענט געוואָרן אויף קויל. כ'האָב מיך פאַררעדט אויף אַ מינוט מיט אַ רעפּאַטריאַנט. אַלע צרות קומען אַרויס פון די רע־פּאַטריאַנטן.

מ אַ ן : ס'איז גאָרנישט געבליבן?

וו י י ב : און די לאָקשן?

ד י נ ס ט : אַלץ — קויל! די גאַנצע „אונרא" איז פאַרברענט. אפשר וועט זיך לאָזן אויסקראַצן אַביסל סאָס... אַביסל זאָזע...

וו י י ב : נו, גיי שוין מיט דיין זאָזע. גיי אַרײַן, לאָמיר דיך מער נישט זען!

ד י נ ס ט (אָפּגייענדיק מיט געוויין): אַזאַ טייערע „דזשאָינט", אַזאַ טייערע „אונרא"... אַזאַ ווייל פלייש!... (שוין הינטער די קוליסן.) אַזאַ געשמאַק פלייש.

מ אַ ן : כ'בין הונגעריק. שרייב איר אפשר אויס אַ פּריש שאַבטל קאָנסערוון.

וו י י ב : כ'בין נישט קיין קאָנסערוואַטיסטין.

מ אַ ן : נו, ד י י נ ע מענטשן, וואָיעוואָדישער קאָמיטעט...

וו י י ב : מ י י נ ע מענטשן? דיינע מענטשן! פּאָוויאַטאָווע.

מ אַ ן : זי איז מ י י נ ע ?

וו י י ב : וואָס דען מיינע? מיט וועמען איז זי קוצעניו־מוצעניו? קוק נאָר גוט נאָך די עווידענץ!...

**מ א ן : ביי מיר איז זי נישט רעגיסטרירט!**

(דינסט קומט אריין.)

**ד י נ ס ט : עמיצער פרעגט, אריינלאָזן?**

**ו ו י י ב : ווער איז עס?**

**ד י נ ס ט :** כ'זאָל אזוי ווימן פון שלעכטס! זי זעט אויס א רע־פּאטריאַנטקע. זי טראָגט אזא פּיו־פּיו־פּייקע... *)

**מ א ן : אריינלאָזן!**

**ד י נ ס ט** (שרייט): קומען זי אריין און קוקן זי ארוים!

(רעפּאַטריאַנטקע קומט אריין.)

**ר ע פּ א ט ר י א נ ט ק ע** (נישט דרייסט): אַנטשולדיקט, כ'שטער?... כ'קום איצט פון עשאַלאָן. נישטאָ וואָס צו עסן. א ליידיקער רוק־זאַק. כ'בין געוועזן אין קאָמיטעט, איז ער פארמאַכט, האָט מען מיר געזאָגט, אז דאָ וווינט דער פּרעזעס פון...

**ו ו י י ב :** פון פּאָוויאַטאָווע קאָמיטעט, אָבער וויכטיקער איז דער וו אָ י ע וו אָ ד י ש ע ר קאָמיטעט!

**מ א ן :** איז וואָס! דער וואָיעוואָדישער איז א וואָיעוואָדישער און דער פּאָוויאַטאָווער איז א פּאָוויאַטאָווער!

**ר ע פּ א ט ר י א נ ט ק ע** (נישט דרייסט): כ'ווייס נישט! כ'בין דאָך ערשט איצט געקומען, כ'קען נאָך נישט די היגע זאכן. אייגנטלעך, איז מיר אַלץ איינס...

**ו ו י י ב :** ס'איז שוין טאקע נישט אַלצאיינס! דער פּאָוויאַטאָווער קאָמיטעט טאָר נישט פריער טאָן קיין שום זאַך, אויב דער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט...

**מ א ן :** ער קען, ער קען אַלץ טאָן, נאָר ער איז פאראַנטוואָרטלעך פאַרן פּלענום. ס'קומט למשל אַן אינסטרוקציע פון צענטראַל־קאָמיטעט צום וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, זי פאַרשטייען? נעמט דער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט און צעשיקט צירקולאַרן צום פּאָוויאַטאָוון קאָמיטעט, זי פּאַ־

---

*) די צוריקגעקומענע פון ראַטנפאַרבאַנד האָבן ס'רוב געטראָגן אַנשטאָט מאַנט־לען — שפּאַנצערס. באַקאַנט אונטערן נאָמען: „פּופּייקע".

שטייען? דער פּאָוויאַטאָווער קאָמיטעט באַהאַנדלט עס צוערשט אין פּרע־זידיום, זי פאַרשטייען? און דער פּרעזידיום פאַרשטענדיקט זיך מיט די לייטערס פון יעדן רעסאָרט באַזונדער, דער רעסאָרט איז פאַראַנטוואָרט־לעך פאַרן לייטער, דער לייטער — פאַרן רעסאָרט, דער רעסאָרט מיטן לייטער — פאַרן פּרעזידיום, דער פּרעזידיום מיטן לייטער מיטן רעסאָרט — פאַרן פּלענום, דער פּלענום ווידער...

ווייב: כ׳בעט איהן, זי זאָלן מיר געזונט זיין, זי פאַרשטייען דאָ עפּעס א וואָרט, וואָס דער פּאָוויאַט האָט דאָ גערעדט?

רעפּאַטריאַנטקע: נישט אינגאַנצן...

ווייב (צו דער רעפּאַטריאַנטקע): זי זעען, אַזוי אַרבעטן די פּאָ־וויאַטאָווע קאָמיטעטן. ער רעדט און רעדט און רעדט און טוט גאָרנישט!

מאַן (צו דער רעפּאַטריאַנטקע): און זי מיינען, אַז דער וואָיעוואָ־דישער אַרבעט בעסער?!...

ווייב (שלעפּט די רעפּאַטריאַנטקע צו זיך): ביזן ערשטן אַרבעט ער ביי מיר! כ׳וועל אוועק אַז אַנדערן אויף זיין אָרט.

מאַן (שלעפּט די רעפּאַטריאַנטקע צו זיך): זי וועט אפילו פּלאַצן, בלייב איך פּרעזעס. ס׳איז נאָך דאָ אַ צע־קאַ אויף דער וועלט...

ווייב (שלעפּט די רעפּאַטריאַנטקע): זאָגט אים ,אַז כ׳האָב שטאַר־קערע פּלייצעס פון אים...

מאַן (שלעפּט די רעפּאַטריאַנטקע): זאָגט איר, אַז כ׳האָב שוין גרעסערע פּלייצעס אוועקגעלייגט!

רעפּאַטריאַנטקע: אַנטשולדיקט, כ׳זע, דאָ איז אַ זיצונג... כ׳גיי איצט פון עשאַלאָן... כ׳בין אַזוי הונגעריק... כ׳וויים נאָך גאָרנישט...

ווייב: הונגעריק-שמינגעריק, ס׳איז נישט וויכטיק. וויכטיק איז אַז זי זאָלן וויסן...

מאַן: און איך פּראָטעסטיר ווי אַמשאַרפסטן!

ווייב (צום מאַן): שריפטלעך, שריפטלעך. נישט מינדלעך! (צו דער רעפּאַטריאַנטקע.) אַן אָרדענונג מוז זיין, זי פאַרשטייען?

רעפּאַטריאַנטקע: יאָ, כ׳פאַרשטיי...

מאַן: וואָס יאָ? זי קומען איצט צו פאָרן און זי פאַרשטייען שוין?

**ו ו י י ב :** **וואָס איז דיין עסק, אַז זי פּאַרשטייט? אַז אַ מענטש** פאַרשטייט, — פאַרשטייט ער!

**מ א ן :** אָבער צו וועמען זענען זי געקומען?

**ו ו י י ב** (שטאָלץ): צום וואָיעוואָדישן קאָמיטעט איז זי געקומען!

**מ א ן :** איך ווייס, אַז קודם קומט מען צום פּאָוויאַטאָוון!...

(דינסט קומט אַריין.)

**ד י נ ס ט :** חברטע מאַדאַם, ס׳לוינט זיך נישט צו קריגן. כ׳האָב פאַר אייך אַ קליענט. (שרייט ארוים) אַביוואַטעלו *) קומט אַריין! קומט אַריין!

(ס׳קומט אַריין דער רעפּאַטריאַנט.)

**ד י נ ס ט :** איצט וועט שוין אפשר זיין שלום בית? (שטעלט דעם רעפּאַטריאַנט אַוועק ביי דער באַלעבאָסטע און די רעפּאַטריאַנטקע ביים באַלעבאָס.) איצט דאַרפט איר שוין קענען אויסקומען צווישן זיך (ווייזט אויף די רעפּאַטריאַנטן) ל ו י ט א פּ א ר ט ײ ־ ש ל י ס ל...

**ר ע פּ א ט ר י א נ ט ק ע :** אוי... פּאָוויאַטאָוועך... פּאָוויאַטאָוועך... פּלענום... ס׳האַרץ חלשט מיר דערוויילע!... אוי... (זעצט זיך האַלב מאַכט־לאָז.) אפשר... אפשר איז דאָ אביסל וואַסער!...

**מ א ן** (צום ווייב): וואָיעוואָדישער קאָמיטעט, גיב אביסל וואַסער!

**ו ו י י ב :** דער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט גיט פּראָדוקטן, דער פּאָוויאַטאָווער גיט וואַסער!...

**מ א ן** (אויפגערעגט): אַזוי? אַזוי? מיר גיבן וואַסער? (לויפט־צו צו די אַקטן, מישט־אויף דאָקומענטן.) און וואָס איז דאָ, האָ? (לייענט ארוים.) חודש מערץ: „18 קאַסטנס זייף, 11 קעסטלעך מילך־פּולווער, 1 פּעסל מאַרמעלאַד״, שאַ... און ווו האָב איך דעם אייער־פּראָשעק?!

**ו ו י י ב :** אוי, אַ בראָך איז צו מיר! שוין 6 אַזייגער, דרייט ער מיר אַ קאָפּ מיטן אייער־פּראָשעק! כ׳האָב דאָך איצט אַ זיצונג. (טוט זיך שנעל אָן צום אַוועקגיין. שוין ביי דער טיר.) היים עפּעס געבן דער פרוי! (אָפּ.)

---

*) בירגער.

מאן: אוי, כ'האָב דאָך אויך אַ זיצונג. איננאַנצן פאַרגעסן. (טוט זיך אָן. שרייט אריין אין קיך.) ריוועטשע, ריוועטשע! גיט עפּעס דער פרוי! (אָפּ.)

דינסט (מיט אַ גלאָז טיי): אוי, מאַדאַמעשי, זי האָבן שלעכט געטראָפן. נישט דער וואָיעוואָדישער און נישט דער פּאָוויאַטאָווער קען עפּעס טאָן.

רעפּאַטריאַנטקע: וואָס דען?

דינסט: ס'איז נאָך דאָ אַ שטאָטישער אויך.

רעפּאַטריאַנטקע: נו?

דינסט: יאָ... אָבער דער שטאָטישער איז אויך נישט אַזוי איי-איי-איי. ס'בעסטע איז, אַז מ'האָט אַ לייַן אַ פּאָר גראָשן!...

(פאָרהאַנג.)

# ווי זעט אוים די קאָמיטעט־הילף?

## (מאָנאָלאָג)

אַז אַ ייד דאַרף איצט האָבן הילף, אַז אַ ייד דאַרף שטיצע, —
צו וועמען גייט ער? — צום פּרעזעס, צום וויצע.
ער פרעגט זיך, ווו דער קאָמיטעט איז: לינקס, צי רעכטס?
און אַז ער הערט אַ יידישן קרעכץ,
ווייסט ער, אַז ער האָט געטראָפן. אַז דאָ איז ס'מקום,
ווו מ'טיילט צדקה אים.
ווו מ'גיט אַ קריש פּוטער, אַ לעק שמאַלץ,
אַ צוויי באָבעס, אַ ביסל זאַלץ.
און אויב מ'האָט מזל, איז דאָס נאָך נישט אַלץ.
מ'קריגט אַן אַלטן סוועטער
פון אַן אַמעריקאַנער פעטער,
מ'קריגט פון אַ סמאָקינג אַ וועסטל,
מ'קריגט פון אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט אַ קעסטל,
און אויב מ'האָט געזונטע נערוון,
קען מען אויספּועלן פאַר ז ע ק ס יידן א י י ן שאַכטל קאָנסערוון...
נו, קודם קלאַפּט מען אָן ביי דעת טיר פון גאַבינעטל,
בייזערט זיך דער לאָקאַי: איר זעט נישט דעם צעטל?
מ'טאָר נישט! דער פּרעזעס איז פאַרנומען,
ער בענטשט איצט מיט „מזומן”...
ס'אַ וויכטיקע קאָנפערענץ

ווענן דעם און יענעם,
ס'אַ זיצונג פון פּלענום.
מ'רעדט דאָרט ווענן אונדז קליענטן, ווענן אונדז קונדן,
מ'דאַרף וואַרטן אַ צוויי „שטונדן".
מילא, וואַרטן — איז וואַרטן, אַ ייד לעקט נישט קיין האָניק.
דערווייל מאַכט זיך אַן „אַגאַנעק" *)
איינער איז אָן אַ דירה, וואַרט ער אויף אַן עצה,
און ביז וואָס־ווען, ווײַנט ער דערווייל ביי מיר אויף דער פּלייצע.
אַ צווייטער מורמלט אַ ניגון,
ער נודיעט זיך, כאַפּט ער דערווייל פליגן.
אַ דריטע
שטייט און וואַרט מיט אַ ביטע,
דער פערטער איז בייז, ער קען נישט כאַפּן קיין דרימל.
אוי, טאַטע זיסער, גאָט אין הימל,
ס'איז אַזוי קאַלעמוטנע צו שטיין, ס'איז אַזוי דאָסיס,
ווען קומט מען שוין ענדלעך צום פּסוק?
און אָט עפנט זיך דער היכל,
אויבן־אָן זיצט איינער מיט אַ בייכל.
על־פּי־שכל
און לויטן שאַכטל ציגאַרעטן,
קען איך זיך וועטן,
ס'איז „ער",
דער פּרעזעס — נישט אַבי־ווער.
— צו מיר? מיט וואָס קען איך אייך דינען?
יאָ, זאָג איך, — צו א י נ ע ן!
כ'האָב געוואָלט בעטן אַ מאַנטל, אַלץ איינס: אַ נייער, אַן אַלטער,
ווייל עס שטעלט זיך דער ווינטער אַ קאַלטער.
אפשר אַ פּאָר שיך, אַלץ איינס: אַ נומער אַ קליינעם, אַ גרויסן,
ווייל איך גיי לא עליכם מיט די פינגערלעך אין דרויסן...
נענוג, כ'ווייס שוין! שרייבט־אָן אויפן פּאַפּיר!
אַ גוטן־טאָג! מאַכט־צו די טיר!...

:: :: ::

*) אַ רייע.

כ'האָב געברענגט די ביטע ווי דער פּרעזעס האָט געהייסן.
אַלע אין קאָמיטעט שוין ווייסן,
אַז כ'בין נאַקעט און איך כאַפּ אַ ציטער,
נאָר דערוויַיל, — זאָגן זיי, — איז ביטער.
מ'דאַרף שרייבן אויף מאַשין און נישט מיט דער פּעדער,
און יעדער
רעפערענט וועט עס שיקן ווייטער,
ביז עס וועט דערגיין צום סאַמע לייטער.
צום קאָפּ, הייסט עס.
און דער טייוול ווייסט עס,
צי ס'וועט נישט זיין נויטיק ווי שטענדיק,
אַז צוויי עדות זאָלן אייגנהענטיק
נאָך באַשטעטיקן אויפן פּאַפּיר,
אַז כ'בין נישט קיין גביר,
אַז כ'האָב נישט אין אַמעריקע קיין קרובים קיין רייכע,
און מען שיקט מיר נישט קיין „הארטע" און קיין „ווייכע",(*)
אַז כ'האָב נישט קיין הויז, און כ'האָב נישט קיין ווילע
און כ'גיי במחילה
מיט מיין גאַנצן באַגאַזש
נאַקעט ווי אויף דער פּליאַזש...

:: :: ::

פאַרשטייט זיך,
כ'האָב אַזוי לאַנג געדרייט זיך
און געקעמפט ווי אַ טיגער,
ביז איך בין אַרויס אַ זיגער;
כ'האָב אָנגעגעבן אַ ביטע,
אַ צווייטע און אַ דריטע,
אַ זיבעטע און אַן אַכטע, —
און ביי טירן פאַרמאַכטע
האָט מען באַהאַנדלט מיין וועזן.

*) „הארטע" און „ווייכע" — דאָס מיינט דאָלאַרן.

איינער האָט רעפּערירט, אַ צווייטער האָט געלעזן,
איינער איז געווען „קעגן", אַ צווייטער — „פּראָ".
איינער האָט געזאָגט „ניין!", אַ צווייטער — „יאָ".
מ'האָט זיך וועגן מיר געוואָנדן
קיין לאָנדאָן,
מ'האָט געשיקט אַ פּעטיציע אַ געהעריקע
צום „אונרא" אין אַמעריקע,
מ'האָט אויך נישט געשוינט
דעם „דזשאָינט".
מיין ביטע איז געגאַנגען אין די פענצטער, די הויכע,
ביז ס'איז געקומען אַן ענטפער: „זוכה!"
„געלייזט דאָס פּראָבלעם", „קום און נעם!"

:: :: ::

איר מיינט, מ'האָט מיר צוגעטיילט אַ פּאָר שיך לויט מיין נומער?
אַ נעכטיקער טאָג! — אַ יאַקעלע פּאַר אַ קימפּעט־קינד אויף זומער.

# דריי שעה אין אונגאַרן

כ׳בין געווען דריי שעה צייט אין אונגאַרן. פון האַלב זיבן ביז האַלב צען אין אָוונט.

געפירט קיין אונגאַרן האָט מיך נישט קיין רייזע־ביוראָ, נאָר דער גוט־באַקאַנטער, באַגאַבטער מוזיקער און אַקטיאָר שלמה פריזאַמענט.

וועגן קיין פּאַס און וויזעס האָב איך נישט געהאַט קיין זאָרג. כ׳האָב באַקומען אַ פרייען בילעט ביים פענצטערל פון דער קאַסע פון יידישן טעאַטער אין לאָדזש, אויף יאַראַטשאַ־גאַס. דער בילעט האָט מיך געפירט דירעקט קיין אונגאַרן, לאָקאַ: „אונגאַרישע קרעטשמע".

וואָס־זשע הערט מען אין אונגאַרן?

גלייבט מיר, אַז כ׳וואָלט אייך געוואָלט זאָגן, — נאָר כ׳ווייס נישט. איין זאַך בלויז ווייס איך יאָ, אַז דער קלימאַט אין אונגאַרן איז זייער אַ הייסער, און דערצו נאָך זענען דאָרט זייער מאָדנע מנהגים: מען עפנט נישט דאָרט אויף קיין אויבערלופט. כ׳בין געזעסן דריי שעה אין בודאַ („פעשט" איז צעשטערט פון די מלחמה־אָפעראַציעס) און געשוויצט. דריי נאַסע טיכלעך און מיין פאַרקילונג זענען עדות ווי גרויס די היץ איז געווען.

:: :: ::

נו, אַ געלעבטער אָן אַ זייט!

איר זעט דאָך שוין, אַז ס׳איז נישט קיין רייזע־באַשרייבונג, נאָר אַ רעצענזיע. לאָמיר־זשע אויפהערן רעדן פון וועג (אוים רייזע!) און לאָמיר רעדן צו דער זאַך. (ס׳איז „אַ זאַך" אין דריי אַקטן!)

„אונגאַרישע קרעטשמע" — אַזוי הייסט די דריי־אַקטיקע פּיעסע פון שלמה פּריזאַמענט, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין לאָדזשער טעאַטער.

וואָס עפּעס דווקא „אונגאַרישע"? — ווייל אַזוי איז שוין דער געאָגראַפישער סדר פון די יידישע אָפּערעטע־מחברים אין די לעצטע 25 יאָר. די טעריטאָריע פון סיוזשעט, אַזוי צו זאָגן, איז אַ פעסט־באַשטימטע. „רומענישע חתונה", „פּאַלעסטינער ליבע", „קאַווקאַזער ליבע", „פּאַריזער מאָדעלקע" אָדער „אונגאַרישע קרעטשמע". צו שווייצאַריע, למשל, צו שוועדן, אָדער צו נאָרוועגיע אפילו וועט זיך אַ יידישער אָפּערעטע־מחבר נישט צורירן. און צוריקגעשמועסט, וואָס פאַר אַ פּנים קען טאַקע האָבן אַ יידישע אָפּערעטקע, וואָס זאָל הייסן: „שוועדישע חתונה" אָדער „שווייצאַרישע קרעטשמע"? ניין, ס'קלינגט עפּעס נישט...

און זאָלן די פיינשמעקער נישט קרימען מיט די נעזער, וואָס מען פּרוווט באַנייען די טראַדיציעס פון וואַרשעווער „סקאַלאַ" אויף דזשעלנעגאַס, פון טעאַטער אויף סמאָטשע־גאַס און פון אַנדערע ענלעכע מעאַטערס אין פּוילן. אויב מען האָט געהאַט „אַמאָל" טענות, פאַרוואָס מען שטעלט מאַכערייקעס און מען לאָזט זיך אַראָפּ צום עולם, אַנשטאָט צו דערהייבן דעם עולם צו זיך, אויב מען האָט דעמאָלט געהאַט אַזעלכע טענות, מוזן מיר היינט „אַראָפּלאָזן פון פּרייז", קוקן דורך די פינגער און מוחל זיין, ווען מען דערלאַנגט אונדז אַ טשעפּוכאַ, אַ בינאָס, אַ מישמאַש. אַחוץ דעם ערנסטן און קינסטלערישן רעפּערטואַר, ווייל דער יידישער טעאַטער־עולם, ווייל עמך, אויך זען אַ לייכטע זאַך. דער יידישער עולם איז אויסגעהונגערט נאָך אַ ביסל פרייד, געלעכטער. ער וויל הערן אַ ליד, זען אַ טענצל, אַ האָפּקע, מ'וויל „איבערלעבן עמאָציעס" אין טעאַטער. קיין נייער יידישער רעפּערטואַר פון לייכטן זשאַנר איז ביי אונדז אין די לעצטע יאָרן נאַטירלעך, נישט געשאַפן געוואָרן. מען מוז דעריבער אָנקומען, ביז עס וועט עפּעס נייעס געשאַפן ווערן, צום אַלטן רעזערוו. און זאָל עס באַדאַי זיין אַן אונגאַרישע קרעטשמע. און זאָל אפילו דער עולם אין זאַל ליאַרמען און פּלוידערן און שרייען און סופּלירן הויך די אַקטיאָרן און רעאַגירן, ווען איין העלד אויף דער בינע טוט דעם צווייטן אַן עוולה, און

זאָל דער עולם אין זאָל „הויך” טרינקען לעמאָניאַדע און צובייסן אַ שמיקל געגזנס.

:: :: ::

נאָר לאָמיר איבערלאָזן דעם זאָל און זען, וואָס עס טוט זיך אויף דער בינע.

שיינדעלע (גיזי היידען), אַ מויד אַ ברען, איז די איינציקע טאָכטער פון אברהם (אינגוועגטאַזש), אינהאבער פון אַ קרעטשמע אין אַן אונגאַריש דאָרף. און די דערמאָנטע שיינדעלע, אַלס הויפּט־העלדין פון דער אָפּערעטע, האָט (זעלבסטפאַרשטענדלעך) אַ ריזיקן דערפאָלג ביי מענער אַזוי, אַז אַלע פּרויען אין זאָל פּלאַצן פון קנאה. אין שיינדעלען פאַרליבט זיך ביז איבער די אויערן דער משרת פון דער קרעטשמע, דוד (לעדערמאַן), — אַ בחור צו גאָט און צו לייט, נאָר איין חסרון האָט ער, ער איז אַ ויזתא. אין שיינדעלען פאַרליבט זיך אויך דער ניי אָנגעקומענער פּריץ פון דאָרף, אַלעקסאַנדער לעוועגטאַל (אייזיק ראָטמאַן). זייער אַ וווילער אַקטיאָר אָבער — אַ שלעכטער מענטש, אַ פּאַסקודניאַק, אַ רשע־מרושע. ער פּייניקט אַלע פּויערים אין דאָרף. ער וויל אַרויסוואַרפן אַברהמען פון קרעטשמע. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ האַנדלונג קויפט זיך דער פּריץ איין בלויז שונאים אין זאָל, און נישט איינער פון עולם איז גרייט אַרויפצולויפן אויף דער בינע און איינמאָל פאַר אַלע מאָל לינטשן דעם אַכזר אייזיק ראָטמאַן. דערפאַר אָבער איז ראָטמאַנס זון, יאַקוב (מ. סענד), אַ גאָלדענער יונג, דער היפוך צום טאַטן. גוט און איידל, מיט איין וואָרט: אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק, אַ בריליאַנט. מען דאַרף אייך נישט לייגן אין מויל אַריין, אַז יאַקוב איז נישט פון האָלץ און פאַרליבט זיך אויך אין שיינדעלען. אָבער שיינדעלעס דערפאָלג ענדיקט זיך נאָך נישט דערמיט. עס שטייט נאָך אַ פאַרליבטער אין דער ריי. דאָס איז דער משרת פון פּריץ (פּריזאַמענט), מאָטל, הייסט ער. אַ זאַאיקע, אַ אידיאָט. און ווי דער שטייגער איז ביי יעדן זאַאיקע (קוקט נאָך די היסטאָרישע מאַטעריאַלן), טראָגט ער אַ ביקס, אַ פּיזשאַמע און אַ היטל פון אַ דזשאָקעי. עס איז מער ווי פאַרשטענדלעך, אַז פון דעם גאַנצן געזינדל פאַרליבטע,

קלייבט שיינדעלע פאַר זיך אויס נישט קיין אַנדערן ווי יאַקובן, ער דאַרף עס זיין איר לעבנס־באַגלייטער און מיט אים זינגט זי דעריבער אין אַלע דריי אַקטן דאָס לידל „ווייל ליבע ווייס נישט, צי ס'איז שלעכט, צי ס'איז גוט" (אַזוי איז שוין שטענדיק ביי ליבע נאָך פון אדם הראשונס צייטן אָן). דער סוף איז, אַז ווען די פּיעסע ענדיקט זיך, איז שוין שיינדעלע דעצידירט אויף הונדערט פּראָצענט חתונה צו האָבן מיט יאַקובן. די אַקטיאָרן זענען צופרידן, דער עולם אין זאַל איז צופרידן, און מען ווינטשט זיך מזל־טוב.

אָבער ביז עס קומט צו דער חתונה, גייט עס נישט אַזוי לייכט. עס זענען נאָך פאַראַן גענוג געשעענישן. דוד לעדערמאַן זינגט נאָך פריער אַ קופּלעט, וועלכער איז גאַנץ גוט, אַחוץ דער אַקטועלער סטראָפע. יאַקוב זינגט נאָך עטלעכע לידלעך, נאָר מען ווייסט נישט, צי זיי זענען גוט אָדער שלעכט, ווייל מען הערט נישט די ווערטער (אַפילו ווען עס איז שטיל אין זאַל). עס טרעטן אויך אויף ציגיינערס, וועלכע טרינקען וויין (ציגיינער האָבן זייער ליב וויין) און זינגען לידער. דער הויפּט־ציגיינער מיכאל קליין דערלאַנגט אַן אַריע, וואָס דערמאָנט אונדז די צייטן פון אַמאָליקן קאַמינסקי־טעאַטער. דער צווייטער ציגיינער, וואָלפאָוויטש, טראָגט אַן אויערינגל (אַ פּרעזענט פון מאַלי פּיקאָן און יעקב קאַליך), וואָס איז גרעסער פון אים, אָבער זיין ציגיינערישקייט איבערצייגט אונדז נישט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט. ער זאָגט „יאָך" און ציגיינערס האָבן אַ טבע צו זאָגן „עך". אַז מען קוקט זיך גוט צו, זעט מען, אַז דער ציגיי־נער שטאַמט פון דלוגע־גאַס פון „יונג־טעאַטער".

דער פּריץ אַלעקסאַנדער שלאָפט אויך נישט אין משך פון די דריי אַקטן. ער רייסט זיך אַרום מיטן גאַנצן אַנסאַמבל. ער איז אש־להבה אויף יאַקובן, וועלכער נעמט אים צו שיינדעלען. ער דראָט מיט עקספּיסיע און דער עולם אין זאַל ביילט מיט די פויסטן. צו קיין עקספּיסיע קומט אָבער נישט. יאַקוב גייט אַוועק צו אַן אַדוואָקאַט, וועלכער געווינט די ספּראַווע. דעם אַדוואָקאַט זעט מען נישט אויף דער בינע, ווייל ער האָט קיין צייט נישט צו שפּילן טעאַטער. אין דער זעלבער צייט, ווען דער עולם זיצט אין זאַל, לויפט דער אַדוואָקאַט אַרום איבער די געריכטן און זוכט „אַ

האטשיק" ווי אזוי צו געווינען דעם פּראָצעס. אַן אַדוואָקאַט איז פּאַרט אַן אדוואָקאַט, ער געווינט, און — אַלץ ענדיקט זיך בכי־טוב (אַפּלאָ־דיסמענטן).

מען מוז אָבער צוגעבן, אַז צום סוקסעס העלפט אַ סך אַרויס די פרוי מרים (עני ליטאַן), וועלכע דרייט זיך אַרום אויף דער בינע אין משך פון אַלע דריי אַקטן. זי רויכערט פּאַפּיראָסן, טרינקט בראָנפן, וואַקלט זיך, זינגט הארציק אַ לידל, אָבער מען ווייסט בשום אופן נישט, וואָס אַזעלכעס זי וויל. ערשט ווען דער עולם אין זאַל ציט שוין אַרויף אויף זיך די מאַרינאַרקעס צום אַהיימגיין, ווערט מען געוווויר גאָר סענסאַציאָנעלע ידיעות, וואָס מאַכן אויף צומאָרגנס אַ שטאַרקן רושם אין גאַנץ לאָדזש. מען ווערט נעמלעך געוווויר, אַז מרים איז נישט קיין אַנדערע ווי... דעם פּריצס ווייב, וועלכע ער האָט אַוועקגעוואָרפן נאָך מיט יאָרן צוריק (ניצ־וואַלד, ראַכע!) מיט אַ פּיטשעדיק קינד אויף דער האַנט (נאָכאַמאָל: גע־וואַלד, ראַכע!). ווען מרים איז צוריקגעקומען צו אַלעקסאַנדערן (זי איז צוריקגעקומען), האָט זי שוין געטראָפן ביים פּריץ זיינס אַ קליין קינד, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַן אַנדער פרוי. מרים לעכצט נאָך נקמה. זי איז אַ כוואַט אַ יידענע, כאָטש זי טרינקט בראָנפן, און זי פאַרטוישט ביידע קינדערלעך. און איצט ווייזט זיך אַרויס, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַט וואָס: יאַקוב איז מרימס זון און דער אידיאָט איז דעם פּריצס זון.

נו, וואָס זאָגט איר צו דער גאַנצער מעשה? וואָלט איר דאָס אין לעבן געגלויבט? די סודות פון אונגאַרן זענען גאָרנישט צו באַשרייבן. דעם גאַנצן אַנסאַמבל קומט אַ האַרציקן יישר־כוח פאַר אויפפלאָנטערן דעם גאַנצן פּלאָנטער און אויפדעקן דעם געהיימנישפולן שלייער, וואָס האָט אונדז געהאַלטן אין שפּאַנונג דריי שעה מיט צען מינוט!

# איך און מיין ווייב...

פאַר אַלעם וויל איך אייך אַרויספּירן פון אַ טעות:

אויב איך שרייב: „איך און מיין ווייב", — מיין איך נישט. מיך און מיין ווייב, נאָר איך מיין די פּיעסע „איך און מיין ווייב", וואָס כ'האָב די טעג געזען אין פּאַריזער יידישן „פאָלקס־טעאַטער".

לעולם האָב איך נישט ריכטיק געהאַנדלט. צוערשט האָב איך געדאַרפט גיין צו דער „גרינער כלה", דערנאָך ערשט גיין צום „ווייב", שפּעטער גיין צום „קינד" און נאָך שפּעטער צו די אייניקלעך, צו די אור־אייניקלעך און אַזוי ווייטער.

אָבער פאַרפאַלן. ס'איז שוין איצט שפּעט צוריקצוכאַפּן דעם פעלער. געגאַנגען איז געגאַנגען!

בין איך געווען, אַליזאַ, אין טעאַטער, באַקומען אַ פיינעם פאָטעל, געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט און עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד, מיט אַ קליינעם איבעררייס פון צען מינוט, האָט מען מיר געהאַלטן אין איין דערלאַנגען...

און עס וואָלט געווען זייער נישט אַנשטענדיק פון מיין זייט, אַלס גאַסט, אַז נאָכן אַוועקגיין פון דער אויפנאַמע זאָל איך באַרעדן דעם באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע. וויל איך דעריבער זאָגן אָפן און קלאָר, אַז צום באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע האָב איך גאָרנישט. צוויי ווילע מענטשן. — אַ באַגאַבטער אַקטיאָר. — אַ באַגאַבטע אַקטריסע. אָבער די שפּייזן, וואָס מען דערלאַנגט „צום טיש", זענען נישט איבעריק־געשמאַק און נישט גאָר פריש...

דערצו נאָך אָנאָנסירט זיך דער באַלעבאָס, אַז דער כיבוד, וואָס ער דערלאַנגט, איז פון „אייגענער אויסאַרבעטונג". י. בירנבוים זאָל זיין דער מחבר פון דער פּיעסע „איך און מיין ווייב". ווען איך בין אויפן אָרט פון מחבר, וואָלט איך זיך נישט אַנאָסירט. וואָרום ערשטנס איז נישטאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן... צווייטנס, אויב שוין יאָ אַנאָנסירן, וואָלט איך אַנאָנסירט אַ צענדליק מחברים, ווייל די פּיעסע איז דאָך צוזאַמענגעשטוקעוועט פון מינדסטנס אַ צענדליק פאַרשידענע פּיעסן און אויב די רעצענזענטן וואָלטן געהאַט טענות צום אויטאָר, וואָלט בירנבוים געליטן אַ צענטל עוולה, ווייל ער איז מינדסטנס אַ צענטער שותף צו דער פּיעסע...

און אחוץ אַלעם, ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַן אַקטיאָר דאַרף שרייבן פּיעסן? די גאַנצע וועלט ווייס, אַז אַן אַקטיאָר דאַרף רעפּעטירן אַ פּיעסע, דאַרף שפּילן אַ פּיעסע, דאַרף אָפּהרגענען אַ פּיעסע — אָבער שרייבן?... דערצו נאָך איז פראַנקרייך אַ ליבעראַל לאַנד. איך האָב געענוי אויסגע־פאָרשט און פעסטגעשטעלט, אַז ס'איז נישטאָ קיין געזעץ, אַז אַקטיאָרן מוזן שרייבן פּיעסן!

לאָמיר שוין אפילו זאָגן, אַז אַן אַקטיאָר ווערט אַמאָל געשטרויכלט (ער איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש!) און ווען ס'איז אים קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, אין דרויסן גייט אַ רעגן, ס'גלוסט זיך נישט אַרויסצוגיין אין גאַס אַריין, זעצט מען זיך אַוועק און מען שרייבט אָן אַ פּיעסע, לאָמיר זאָגן אַ פּיעסע, וואָס הייסט „איך און מיין ווייב". אָבער אַז מען שרייבט, דאַרף מען זיך אַוועקלייגן אַ צענטימעטער אויפן טיש און שרייבן מיט מאָס. אום גאָטעס ווילן, מען קאָן דאָך נישט אַריינקוועטשן אין צוויי שעה מיט פופצן מינוט אַ לעבן, וואָס האָט געדויערט 50 אָדער 60 יאָר! שטעלט זיך פאָר, וואָס די צוויי מענטשן, מאַן און ווייב, האָבן דורכגעמאַכט אין זייער שטורמיש לעבן: קינדער־יאָרן, די ערשטע יוגנט, ליבע אָפּגענאַרטע און אמתע, געלאָזט זיך רעדן שידוכים, געמאַכט זעאונגען, אַ חתונה, אַ קימפּעט, נאָך אַ קימפּעט, קינדער־דערציאונג, נחת פון קינדער, צרות פון קינדער, אַ זילבערנע האָכצייט, אַ גאָלדענע האָכצייט און נאָך און נאָך, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויער; און דאָס אַלץ דאַרף מען מיטמאַכן אויף דער בינע אין פאַרלויף פון צוויי שעה מיט פופצן מינוט? — דער עולם

קען דאָך משוגע ווערן! און אויב די אַקטיאָרן האַלטן עס אויס, זענען זיי אויך שטאַרקער פון אייזן!

און טאָמער איז אייך דאָס ווייניק, איז פאַראַן נאָך אַ מאָמענט, וואָס קאָמפּליצירט שטאַרק די פּיעסע. שטעלט אייך פאָר, אַז בלויז צוויי אַקטיאָרן טראָגן, נעבעך, אויס די גאַנצע פּיעסע אויף זייערע פּלייצעס. צוויי אַקטיאָרן שפּילן 17 ראָלן. זיי אַרבעטן מער הינטער די קוליסן ביים כסדר־דיקן איבערטון זיך, ווי — אויף דער בינע, ביים שפּילן. בירנבוים איז דער טאַטע און דער זון און דער שווער און דער אַמאָליקער געליבטער און דער שוואָגער און וואָס נישט?

אַז מ'וויל רעכענען, איז עס זייער אָריגינעל און זייער פּראַקטיש, ווען צוויי מענטשן שפּילן אָפּ אַ ראָלע פון אַ פּיעסע און — פּטור אַן עסק!

ס'איז פּראַקטיש סיי פאַרן עולם און סיי — פאַר די אַקטיאָרן.

פאַרן עולם: — מ'דאַרף נישט קויפן קיין פּראָגראַמקעס און זוכן, ווער עס שפּילט די ראָלן.

פאַר די אַקטיאָרן, — האָט עס גאָר אַ סך מעלות:

ערשטנס, עס פּלאָנטערן זיך ווייניקער מענטשן אויף דער בינע.

צווייטנס, די בראַוואָס פאַלן אַריין נאָר צו צוויי מענטשן, און נישט דעם גאַנצן אַנסאַמבל.

דריטנס, די קאַסע ווערט געטיילט פאַר צוויי מענטשן (דאָס איז, אייגנטלעך, „ערשטנס"...).

און פערטנס, ס'איז טאַקע גרינגער צו געפינען אַ נאָמען פאַר דער פּיעסע. „איך און מיין ווייב" און שוין! אַנדערש וואָלט מען געמוזט אַ נאָמען געבען די פּיעסע: „איך, מיין ווייב, מיין שווער, מיין שוויגער, מיין קוזין, מיין קוזינקע, מיינע שוועגערינס, מיין גוטער באַקאַנטער און מיינע צוויי קאָלעגן". און ווער, כ'בעט אייך זייער, וואָלט געגאַנגען אויף אַזאַ לאַנגער פּיעסע?...

נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען דער אַקטיאָר־מחבר וואָלט איינער אַליין געשפּילט די גאַנצע פּיעסע, די דאַמען־ראָלן — אויך, און די פּיעסע וואָלט דעמאָלט געווען נאָך אָריגינעלער און וואָלט געטראָגן דעם קורצן נאָמען: „איך". יאָ, מסתמא וועלן די אַלע טעאַטערס פונעם „איך און מיין

גוייב"־רעפערטואר זיך איינגיכן ליציטירן מיט פארקלענערן די אנסאמבלען.
עס וועט זיין פונקט ווי מיט יענע יידישע זאקן־פאבריקאנטן. א יידישער זאקן־פאבריקאנט אין פוילן האט אויסגעארבעט זאקן צו צוויי הונדערט זלאטעס א פאר. איז געקומען א צווייטער פאבריקאנט און האט אויסגע־ארבעט דינערע זאקן צו דריי הונדערט זלאטעס א פאר. איז געקומען א דריטער קאנקורענט און האט אויסגעארבעט נאך דינערע זאקן צו פינף הונדערט זלאטעס א פאר.

איז אבער געקומען א פרישער קאנקורענט און האט אוועקגעלייגט אלע פריערדיקע פאבריקאנטן. ער האט אינגאנצן נישט אויסגעארבעט קיין זאקן און גענומען צו טויזנט זלאטעס א פאר.

יא, מיינע ליבע פריינט, אמבעסטן וואלט געווען, ווען איר זאלט אינגאנצן נישט אויסארבעטן קיין זאקן!...

# אַן אָנשיקעניש אין פינף בילדער

## (פעליעטאָן)

אָנגעהויבן האָט עס זיך זייער אומשולדיק.

א קלאַפּ אין טיר. איך ענטפער: „אריין!" ער שטעלט זיך פאַר, אַז ער איז אַן אַקטיאָר. איך ענטפער: „ס'איז מיר זייער אָנגענעם!" אין וואָלט ער נישט געווען קיין אַקטיאָר, וואָלט איך אים אויך דאָס זעלבע גע־ענטפערט...

אָט דאָס איז אייגנטלעך דער פּראָלאָג; און איצט קענען מיר שוין דרייסט צוטרעטן צום ווייטערדיקן לויף פון אונדזער געשעעניש אין פינף בילדער.

### דאָס ערשטע בילד

אַ ק ט י אָ ר : אייגנטלעך האָב איך מיט אייך געוואָלט רעדן טעלעפאָניש; אָבער אַזוי ווי איך וויל אייך דריקן די האַנט, און דריקן די האַנט טעלעפאָניש איז שווער, בין איך דעריבער געקומען אייך פּערזענ־לעך דריקן די האַנט! איר וועט דערלויבן?

א י ך : פאַרוואָס זאָל איך נישט דערלויבן? וואָלט איר געווען אַן אַטלעט, וואָלט איך מיך אפשר פריער מיישב געווען, — אָבער אַזוי ווי איר זענט אַן אַקטיאָר, איז אדרבה... אָבער וואָס האָט אייך באַוויגן צו דריקן מיר די האַנט? זאָל עס זיין אַ נקמה־אַקט?

אַ ק ט י אָ ר : פאַרקערט. ס'איז אַן אַקט פון אַנערקענונג. כ'בין

אייך געקומען זאָגן, אַז כ׳בין באַגייסטערט פונעם מאָנאָלאָג, וואָס איר האָט אַנומלט געדרוקט אין צייטונג. אַן ערשטקלאַסיקער אויפטו. איך וויל דעריבער, איר זאָלט מיר דערלויבן דעם דאָזיקן מאָנאָלאָג צו מאַכן פאַר דער בינע. איך פערזענלעך בין גרייט אים צו פאַרקערפּערן. גראַ־איז מיין אַמפּלוא: מאָנאָלאָג. מסכים?

א י ך : פאַרוואָס נישט? אויב איר ווילט, — „פאַרקערפּערט" אים. מ׳האָט שוין לאַנג מיינע זאַכן נישט פאַרקערפּערט...

## דאָס צווייטע בילד

(די זעלבע אויף צומאָרגנס)

א ק ט י אָ ר : איר דערקענט מיך? איך בין דער אַקטיאָר, וועלכער האָט אייך נעכטן געדריקט די האַנט. און איצט בין איך געקומען אייך זאָגן, אַז כ׳האָב היינט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט אייער פעליעטאָן.

א י ך : ס׳איז גוט!... ווילט איר מיר אפשר איצט ווידער דריקן די האַנט?... מ׳דאַרף נישט!... איך האַלט, אַז ס׳איז גאַנץ שיין פון אייער זייט, אויב איר האָט איבערגעלייענט מיינס אַ פעליעטאָן איין מאָל. צו וואָס אַזוי פיל מאָל לייענען?

א ק ט י אָ ר : אָט אין דעם גייט עס דאָך טאַקע. אַן אַקטיאָר, אַז ער נעמט אַ בינע־שאַפונג ערנסט, מוז ער זי איבערלייענען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. ער מוז אַריינדרינגען אין די טיפסטע טיפעניש פונעם אוי־טאָרס שאַפונג, אַנדערש קען ער עס נישט אַרויסברענגען אויפן סצענישן באָדן, אַזוי צו זאָגן.

א י ך : נו?...

א ק ט י אָ ר : „נו", האָב איך זיך פאַרטראַכט, אַז עס איז אַ שאָד אַזאַ גוטע זאַך קאַליע צו מאַכן אויף דער בינע אַלס מאָנאָלאָג. אויב שוין יאָ מאַכן, דאַרף מען עס אינסצעניזירן אַזוי, אַז עס זאָל אַרויסקומען אַ מייסטערווערק, אַ צאַצקע. איך האָב דעריבער באַשלאָסן: מאַכן פונעם מאָנאָלאָג — אַ דיאַלאָג. כ׳וויל אַרויספירן נאָך אַ מענטש אויף דער בינע. כ׳האָב גראָד אַ מענטש. פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל שפּילן די

הויפּט־ראָלע. מיין חבר וועט בלויז פרעגן און איך וועל ענטפערן. און איך וועל שוין אַזוי ענטפערן, אַז אייער גערדאַנק זאָל ארויסקומען קלאָר און פילבאַר. אַלע אייערע סענטענצן וועלן קומען דורך מיר צום אויסדרוק. מיין קאָלעגע וועט בלויז זיצן אַלס גולם און שטעלן פראַגן. דאָס פּיבליקום — פאַרזיכער איך אייך — וועט סיי ווי קוקן די גאַנצע צייט נאָר אויף מיר, און דער מאָנאָלאָג וועט גאָרנישט פאַרלירן. נאָר — געווינען. אַז עס געפינען זיך צוויי מענטשן אויף דער בינע, איז עס פאָרט פאַרשידנפאַרביקער. עס גיט צו קאָלאָריט! יאָ, צי ניין?

א י ך: אביסל — יאָ, און אביסל — ניין.

אַ ק ט י אָ ר: נו, זאָל איך צוליב אַ „ביסל" קאַליע מאַכן דעם גאַנצן נומער? פאָלגט מיך און לאָזט אייך צורעדן. כ׳בין נישט אויסן אייער שלעכטס. איר זענט טאַקע אַ שרייבער, אָבער איר פילט נאָר דאָס פּאַפּיר; איך, דאַקעגן, בין אַן אַקטיאָר, — פיל איך די בינע. געמאַכט?

א י ך: און טאָמער וועט עס שלעכט ארויסקומען?

אַ ק ט י אָ ר: וועט איר נישט פּאַטשן בראַוואָ! פאַרלאָזט אייך אויף מיר! ס׳וועט שוין! האָט מיר אַ...!

## דאָס דריטע בילד

אַ ק ט י אָ ר: גוט־מאָרגן! כ׳בין אייך געקומען זאָגן, אַז אייער זאַך איז אין דער אַרבעט. ס׳גייט ווי געשמירט. איר וועט זיך לייבן. אַז כ׳האָב אַריינגעפירט אַ דריטן מענטש אויך?! איצט איז טאַקע לעבעדיק געוואָרן אויף דער בינע. ס׳טוט זיך אַביסל!... דער דריטער מענטש האָט נישט קיין סך צו טאָן. כ׳האָב אים צוגעשריבן אַ קליין ביסל פּראָזע. ער וואַרפט בלויז אַריין אַ פּאָר געציילטע ווערטער: „גוט־מאָרגן", „גוט־יאָר", „אַ גוטן טאָג", „אַ שיינעם דאַנק", „נישטאָ פאַרוואָס". ס׳קען זיין, אַז ער וועט נאָך זאָגן „אָל־רייט" אויך. אָבער כ׳וויים נאָך נישט אויף זיכער. מ׳וועט זען שפּעטער ביי די פּראָבן, אָבער איצטער בין איך געקומען צו אייך וועגן עפּעס אַנדערש. וואָס וואָלט איר למשל געזאָגט צו אַזאַ פּלאַן, כ׳זאָל אַריינפירן אין דער אַקציע אַ פרוי אויך? איר פאַר־

שטיים, בלויז מענער אָן אַ פרוי האָט נישט קיין פּנים. ס׳קען זיך שאַפן ביים פּובליקום די מיינונג, אַז ביי אונדז איז פאַר פרויען — פאַרבאָטן. און דערפאַר וואָלט גאָרנישט אויסגעמאַכט, אַז אַ ווייבל זאָל זיך אייך אַריינמישן. איר פאַרשטייט, נעמט די בעסטע זאַך אָן אַ ווייבל, איז עס טויט... פאַרלאָזט אייך אויף מיר. איך קען די פּסיכאָלאָגיע פון לעבן.

אַ י ך : פּעטער, דאַכט זיך, אַז איר פירט מיך אַריין מיטן ווייבל אין אַ בלאָטע. וואָס האָט דאָרט צו טאָן אַ ווייבל?

אַ ק ט י אָ ר : פאַרלאָזט אייך: זי וועט שוין ביי מיר עפּעס טאָן! איר קענט אייך זיצן רואיק און שרייבן אייערע זאַכן ווייטער. איך נעם דאָס ווייבל אויף מיר. איך וועל איר שוין שאַפן אַרבעט.

אַ י ך : אָבער איך האָב דאָך גאָרנישט דאָרט געשריבן פאַר קיין ווייבל.

אַ ק ט י אָר : וואָס גייט עס אייך אָן? האָט איר נישט ועשריבן! און פאַרן צווייטן ייד, פאַרן קאָלעגע מיינעם, האָט איר דען יאָ געשריבן? און פאַרן דריטן ייד האָט איר יאָ געשריבן? איר האָט פאַר זיי ביידע נישט געשריבן און איר וועט פאַרן ווייבל אויך נישט דאַרפן שרייבן. דערווייל לעב איך נאָך אויך און אַ פּעדער אין דער האַנט קען איך נאָך האַלטן.

אַ י ך : הייסט עס, איר ווערט אַ שותף צו מיר?

אַ ק ט י אָ ר : וואָס פאַר אַ שותף? אייער נאָמען בלייבט זיך אייער נאָמען. און טאָמער האָב איך צוגעשריבן אַ 15—20 בלעטלעך, — וויים קיינער נישט דערפון. אחוץ איך און מיין באַלעבאָסטע אין איר.

אַ י ך : און טאָמער וועט אַרויסקומען אַ טשעפּוכאַ?

אַ ק ט י אָ ר : אַ טשעפּוכאַ? אַזוי דאַנקט איר מיר אָפּ פאַר מיין אַרבעט און פאַר מיין דריקן אייך די האַנט?! איבעריקנס, איר וועט זען אויף דער גענעראַל־פּראָבע. פאַרלאָזט אייך אויף מיר. האָט מיר אַ...!

## דאָס פערטע בילד

(אין זעלבן טאָג, שפּעט אין אָוונט)

אַ י ך : אַריין!

אַ ק ט י אָ ר : איך בין עס! גלויבט מיר, איר זענט שוין געשלאָפן;

און כ׳האָב אייך אויפגעוועקט, אָבער ס׳מאַכט נישט אויס. די נאַכט איז גרויס. כ׳בין אייך געקומען זאָגן, אַז אייער זאַך איז אַרויס איבער אַלע דערוואַרטונגען. דאָס ווייבל איז שוין אויך אינעווייניק. שטעלט אייך פאָר, אַז כ׳האָב איר געגעבן צו זינגען. זי זינגט אַ קופּלעט אין דריי סטראָפן און איין סטראָף אויף בּיס.

א י ך: אַ קופּלעט גאָר?...

אַ ק ט י אָ ר: וואָס דען זאָל אַ פּשוט ווייבל זינגען, — אַן אַריע? וואָס איז זי, אַן אָפּערע־זינגערין?

א י ך: פון וואַנען האָט איר גענומען אַ קופּלעט?

אַ ק ט י אָ ר: אַ שיינע פראַגע „פון וואַנען כ׳האָב גענומען”! און פון וואַנען נעמט איר פעליעטאָנען? — מען מאַכט, האָט מען!...

א י ך: אָבער, געוואַלד געשריגן, ס׳וועט זיך דאָך נישט...

אַ ק ט י אָ ר: כ׳בעט אייך, מישט אייך נישט אַריין! בינע־זאַכן לאָזט איבער פאַר מיר! און אַז איך האָב דאָרט אַריינגעפירט דריי סטאַטיסטן אויך, נו, קענט איר האָבן עפּעס קעגן דעם?...

א י ך: וו־אָ־ס... סטאַטיסטן — אויך?...

אַ ק ט י אָ ר: וואָס דערשרעקט איר זיך אַזוי? כ׳וועל אייך אַנטדעקן אַ סוד: אַ קינד איז אויך דאָ.

א י ך: פון וואַנען האָט איר גענומען אַ קינד?

אַ ק ט י אָ ר: דאָס איז שוין מיין זאַך!... איר זאָלט וויסן, אַז אַ קינד ברענגט אַריין אין יעדער שאַפונג דעם מעלאָדראַמאַטישן מאָמענט. איר זענט טאַקע אַ הומאָריסט און איר שרייבט פריילעכע זאַכן, אָבער איך מוז זאָרגן פאַר דער גאַנצקייט! האָב איך גענומען מיין קינד, עס דרייט זיך סיי ווי אַרום ליידיק, ס׳האָט נישט וואָס צו טאָן, ווען איך גיי אין טעאַטער אַריין, — און כ׳האָב שוין פאַרן קינד אַ פּאַרטיקע ראָלע, כ׳האָב שוין אַפילו מיט איר צוויי מאָל פּראָבירט. זי איז קאָלאָסאַל. אינגאַנצן געראָטן אין טאַטן. נו, זאָגט אַליין, כ׳טו גוט?

א י ך: טוט וואָס איר ווילט און לאָזט מיך געמאַך!

אַ ק ט י אָ ר: אָט, דאָס געפעלט מיר. אַן אַקטיאָר דאַרף האָבן פרייע הענט. איר טוט זיך אייערס און איך דאַרף טאָן מיינס. איינער

דעם צווייטן דארף נישט שטערן... אייער צוגאנג איז זייער א ריכטיקער.
האָט מיר א...!

## דאָס פינפטע בילד

(צומאָרגנס, באַלד אינדערפרי)

א י ד : אריין!

א ק ט י אָ ר : גלויבט מיר, איר שלאָפט נאָך! טאָ ווען־זשע שאפט איר? הערט אוים, כ'האָב א גאנצע נאכט נישט געקענט קיין אויג צומאכן און אריינגעטראכט אין דער זאך אריין. איך וויל מיך מיט אייך באראטן: אזוי ווי די געשיכטע איז זיך ביי מיר צעוואקסן ביז א פיעסע פון דריי אקטן מיט א פראָלאָג, עפּילאָג און געזעגנגע, — איז אפשר א פּלאַן, כ'זאָל אייער מאָנאָלאָג ארויסנעמען און עס זאָל גיין בלויז די פיעסע? הא?...

# מיינע ערשטע באַגעגענישן אין פּאַריז

פּאָפּולאַריטעט איז פאָרט אַ גרויסע זאַך!

אַז איר קומט אין אַ שטאָט, וווּ מען קען אייך נישט — איז אָך און וויי. קוים קומט איר אָבער אין אַ שטאָט, וווּ מ׳קען אייך, בפרט נאָך אין אַזאַ רוישיקע שטאָט ווי פּאַריז, פאַרגרינגערט עס אייך דאָס לעבן, — אויב מ׳זאָל רעכענען אויף פּראָצענטער, — אויף גאַנצע פופציק פּראָצענט; און אויב איר וועט זיך מיט מיר דינגען, וועל איך דערלייגן נאָך אַ צענערל אויך.

נעמט למשל מיך.

איך זאָג נישט, אַז יעדער דורכגייער אויף שאַנז־עליזעי, קען מיך. פאַראַן דאָרט אַזעלכע, וואָס קענען מיך ווייניק. דערפאַר אָבער אויפן „פּלעצל״ בין איך אַן אייגענער.

באַלד אויפן צווייטן טאָג נאָך מיין אָנקומען קיין פּאַריז האָב איך זיך געהייסן פירן אויפן „פּלעצל״. נאָך אין וואַרשע געהערט 3 זאַכן: לוווּר, אייפל־טורעם און „פּלעצל״.

האָט מען מיר געוויזן דעם וועג צום פּלעצל. אַהינגעקומען, האָב איך זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן.

קומט מיר אַנטקעגן דער ערשטער ייד און פרעגט מיך:

— וועמען זוכט איר, מאָסיע?

— כ׳זוך ס׳„פּלעצל״, — זאָג איך.

— איר זענט דאָך אויפן פּלעצל!

— אויב כ׳בין — זאָג איך — אויפן פּלעצל, טאָ וווּ איז עס ס׳פּלעצל? כ׳זע נישט דאָ קיין פּלעצל!

גיט ער מיר צו פאַרשטיין:

— ס'פּלעצל דאַרף מען נישט זען, ס'פּלעצל דאַרף מען פילן! פון וואַנען זענט איר דען, מאָסיע?

— איך בין אַ וואַרשעווער. מיין נאָמען איז: גודעלמאַן.

— אַהאַ — אויב אַזוי קאָן איך דאָך אייך! מיין ווייב האָט זיך דאָך ביי אייך געניים. איר זענט אַ דאַמען־שניידער, יאָ?

— ניין, כ'בין נישט קיין שניידער!

— וואָס זאָגט איר „ניין", אַז איר זענט יאָ?! שניידעריי, מיינט איר, איז אין פּאַריז אַ חרפּה? איר וועט דאָ ביי אונדז מאַכן אַ לעבן. כ'קאָן אייך שוין געבן מיינע צוויי שווענעריגס. זיי האָבן שטאָף! קומט אַריין, איך ווין נישט ווייט פון דאַנען.

— ניין, ניין, ר' ייד, כ'דאַרף נישט אייערע שווענערינס, ווייל כ'בין נישט קיין דאַמען־שניידער. כ'בין גאָר פון אַן אַנדער פאַך.

— זאָגט זשע, שעמט אייך נישט! יעדעס פאַך איז ביי אונדז גוט! זאָלן נאָר זיין אַזויפיל הענט! וואָס זשע זענט איר פון פאַך?

— כ'בין אַ שרייבער. כ'שרייב אין די צייטונגען!

— אַ שרייבער?! נישט געהערט נאָך ביז היינט אייער נאָמען! אָבער ס'מאַכט נישט אויס. איר וועט זיך איינאָרדענען ביי אונדז. פאַראַנען אַזוי פיל שרייבער, וועט זיין נאָך אַ שרייבער. איר שרייבט פראַנצויזיש?

— ניין, יידיש.

— נאָך בעסער. וועט איר זיך נישט דאַרפן איבעראַרבעטן. וואָרום די פראַנצויזישע צייטונגען גייען אַרויס טאָג־טעגלעך, און אַפילו צוויי מאָל טעגלעך. די שרייבערס האָרעווען ביי זיי ווי די פערד. דערפאַר אָבער די יידישע בלעטער גייען אַרויס נאָר צוויי מאָל אין דער וואָך. איר פאַרשטייט, איין טאָג שרייבט איר, צוויי טעג — רוט איר. איר זענט גראָד גוט געקומען. היינט און מאָרגן קאָנט איר זיך אויסרוען און איבערמאָרגן וועט איר ערשט דאַרפן שרייבן. אַלבערט! אַלבערט! (ער האָט דערזען אַ באַקאַנטן, האָט ער אים גערופן) קום נאָר אַהער, אַלבערט, אַ שרייבער פון וואַרשע!

אַלבערט איז צוגעקומען, מיר אַריינגערוקט די האַנט און געזאָגט באַלעבאַטיש: „באָן זשור!", האָב איך געענטפערט: „עליכם שלום!"

— ווי הייסט איר? — פרעגט ער.

כ'האָב אים געזאָגט ווי כ'הייס.

— וואָס דערציילט איר מיר מעשיות? איר זענט דאָך אומגעקומען!

— ניין, — זאָג איך — כ'ווייס נישט דערפון!

— וואָס דערציילט איר מיר מעשיות? איך האָב אַליין געלייענט וועגן דעם אין אַ בלאַט.

— ס'קאָן זיין, אַז איר האָט געלייענט, אָבער מיר האָט מען נאָך נישט מיטגעטיילט וועגן דעם.

— זאָג איך אייך נאָכאַמאָל אַז יאָ! כ'קאָן אייך אפילו זאָגן, ביי וואָסערע אומשטענדן איר זענט אומגעקומען!

— מעגלעך...

— נישט מעגלעך, נאָר — הונדערט פּראָצענט! און וואָס אייגנטלעך זענט איר אַהערגעקומען? צו דער פרידנס־קאָנפערענץ?

— ניין.

— האָט איר גוט געטאָן! יידן דאַרפן זיך נישט אַריינמישן. ס'וועט סיי ווי גאָרנישט ווערן דערפון, און דערנאָך וועט מען זאָגן, אַז יידן זענען שולדיק. האַקט אָפּ! מ'עט שוין דאָרט אָן אייך!... ווען זענט איר געקומען?

— נעכטן.

— נעכטן? האָט נישט קיין מורא. מ'עט אייך פאַרלענגערן.

— מ'האָט מיר נישט וואָס צו פאַרלענגערן.

— איז דאָך אוודאי גוט! און ווו וווינט איר?

— כ'האָב נאָך נישט קיין וווינונג.

— יאָ, אין פּאַריז איז אַ מאַנגל אין דירות. כ'קען אַ שרייבער, זיצט ער כסדר אונטן אין מעטראָ און שרייבט זיך זיינע זאַכן. אָבער דער מעטראָ האָט אַ פעלער. נאָר ביז איינס ביינאַכט און ס'איז אַ שטאַרקע באַוועגונג פאַר אַ שרייבער — יעדע צוויי מינוט — אַ צוג. איר דאַרפט זיך אויסזוכן עפּעס אַ שטילע דירעקסיאָן. פאַר אייך וואָלט גאָר גוט געווען שאַרענטאָן (1) אָדער פּער־לאַשעז (2), שאַ, אָדער אפילו גאָר...

---

(1) שאַרענטאָן — אַ משוגעים־הויז אין פּאַריז.

(2) פּער לאַשעז — בית־עולם אין פּאַריז.

ער האָט מיר געהאַלטן ביי אויסרעכענען נאָך אַ ריי רוסישע ערטער, אָבער אין מיטן איז צוגעקומען אַ דריטער באַקאַנטער. מ׳האָט מיך פאָרגעשטעלט, נאַטירלעך, און דער דריטער האָט מיך ווידער גענומען אין דער אַרבעט:

— איר זענט געקומען אויף לאַנג קיין פּאַריז?

— כ׳ווייס נישט. ערשט נעכטן געקומען. קוים איין טאָג אין פּאַריז.

— מיין מעשה! איך בין אויך געקומען קיין פּאַריז אויף איין טאָג, און כ׳בין שוין דאָ 22 יאָר.

— ניין, איך האַלט ביי פאָרן ווייטער.

— קיין אַמעריקע?

— לאָמיר זאָגן...

— און אַ וויזע האָט איר שוין?

— כ׳דאַרף באַקומען!

— נו, זאָג איך דאָך, אַז ס׳איז אַ מעשה פון אַ צוויי און צוואַנציק יאָר!... נו, איר וועט שוין בלייבן אַ פּאַריזער, איר וועט שוין, זע איך, שרייבן דאָ. איר שרייבט דאָך נאָר פרייליכע זאַכן, יאָ?

— יאָ, נאָר פרייליכע זאַכן...

און אויב איר שרייבט עפּעס אָן און מ׳לאַכט נישט, צאָלט אייך די רעדאַקציע דערנאָך?

— אוודאי צאָלט זי, איך נעם דאָך דעריבער פאָראויס באַצאָלט!

— ביי אונדז איז דאָ געווען מאַלי פּיקאָן, האָט מען זיך אויך געהאַלטן ביי די זייטן. איר קענט מאַלי פּיקאָן?

— יאָ, כ׳קען זי.

— פּערזענלעך צי פער פּאָסט?

— פּערזענלעך!

דערווייל האָט זיך אונדזער קרענצל פאַרגרעסערט. נאָך איינער צוגעקומען. די פריערדיקע דריי האָבן מיך פאָרגעשטעלט פאַרן פערטן.

— אַ, — זאָגט דער פערטער — איך קען דאָך אייך נאָך פון פאַר דער מלחמה. איך האָב אייך שוין געזען שפּילן ביי אונדז אין פּאַריז!

— ניין, איר האָט אַ טעות.

— כ'האָב שוין נישט קיין טעות, כ'בין אַליין געווען אויף אייער בענעפּיס.

— וואָסער בענעפּיס? איך בין נישט קיין אַקטיאָר! איך בין אַ שרייבער. אַ זשורנאַליסט.

— איר שרייבט פראַנצויזיש?

— ניין.

— ס'מאַכט נישט אויס. וועט איר שרייבן יידיש! און רעדן פראַנצויזיש קענט איר?

— ניין!

— וועט איר רעדן יידיש. און ס'ביסל פראַנצויזישע ווערטער, וואָס איר דאַרפט אַריינמישן ביים רעדן יידיש, וועט איר זיך שנעל אויסלערנען.

כ'האָב נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן, ביז עס וועט ווידער צוקומען אַ פרישער אָבער דאָ האָט מיר שוין ס'געדולד געפּלאַצט, און ווען ער האָט מיר נאָר געשטעלט די ערשטע פראַגע: „איר זענט אַ שרייבער?" — האָב איך מיט איין אָטעם אים אָפּגעענטפערט:

— „יאָ, איך בין אַ שרייבער! כ'שפּיל נישט טעאַטער! כ'האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין בענעפּיס! אייער ווייב האָט זיך ביי מיר נישט גענייט! כ'בין נישט קיין דאַמען־שניידער! כ'דאַרף נישט אייערע, שווערע רינגס! כ'וועל מיך דאָ איינאָרדענען! כ'בלייב אין פּאַריז צוויי און צוואַנציק יאָר! אין דער פרידנס־קאָנפערענץ וועל איך מיך נישט אַריינמישן! יידן דאַרפן זיך נישט מישן! פראַנצויזיש קאָן איך נאָך נישט! כ'וועל שרייבן יידיש! צוויי טעג רוען, איין טאָג שרייבן! קיין דירה האָב איך נישט! כ'וועל וווינען אין מעטראָ! אין שאַרענטאָן און פער־לאַשעז! ביז איינס ביינאַכט איז אָפן! די באַוועגונג'איז אַ שטאַרקע! יעדע צוויי מינוט — אַ צוג! כ'שרייב נאָר פריילעכע זאַכן! כ'נעם פּאַראַווס באַצאָלט! ביי אייך איז געווען מאַלי פּיקאָן! מ'האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן! כ'קען זי פערזענלעך און נישט פער פּאָסט! מען האָט מיר נישט וואָס צו פאַרלענגערן! און זייטס מיר געזונט און שטאַרק, כ'האָב עס אויף היינט גענוג!...

:: :: ::

ווען כ'האָב געענדיקט מיין מאָנאָלאָג און בין אוועק, האָבן זיי מיך נאָכגעקוקט און באַדויערט. דערביי האָב איך געהערט ווי איינער האָט מיט רחמנות געזאָגט:

מנע, וואָס פון אַ מענטש קען ווערן, ווען כ'האָב אים געזען פאַר דער מלחמה, איז ער נאָך געווען נאָרמאַל! איי, איי, איי... אַ מלחמה־קרבן, נעבעך!...

# מנחם מענדל עמיגראַנט

## 1

## מזל טוב, איך בין אין פּאַריז!

נו שוין, איר קאָנט מיר אָפּגעבן מזל־טוב, כ׳בין שוין אין פּאַריז. מנחם מענדל אין פּאַריז. אין איין האַנט האַלט איך מיין טשעמאָדאַנטשיק און לאָז אים נישט אַרויס אויף קיין איין מינוט. ער איז נישט חולה זיך צו שלעפּן צוזאַמען מיט מיר, פּונקט ווי איך שלעפּ זיך אַרום. ס׳איז דאָך אַ יידישער טשעמאָדאַנטשיק... ער איז געוווינט דערצו, ער שלעפּט זיך דאָך מער אַרום, ווי — ער רוט... און מיט דער צווייטער האַנט באַטאַפּ איך מיר כסדר די קעשענע, צי די פּאַפּירן זענען דאָ, און צי דער פּאַס איז דאָ, און צי די אַרויספּאָדערונגען זענען דאָ און, אגב, — צי איך אַליין בין אויך דאָ. **עפּעס אַ ווערטעלע ביי אייך: פּאַריז?** — צווישן אַ יאָ און אַ ניין קאָנט איר צעקוועטשט ווערן אַזוי, אַז מ׳זאָל אפילו נישט וויסן, ווו אייער געביין איז אַהינגעקומען. מ׳וועט אייך צומאָל קיין דענקמאָל נישט שטעלן, ווייל נישט יעדער איינער קאָן זוכה־זיין צו זיין אַ נאַפּאָלעאָן...

עפּעס אַ קלייניקייט, פּאַריז? — פינף מיליאָן איינוווינער, אַ חוץ — איך. ס׳הייסט, כ׳האָב זיך נישט אָוועקגעשטעלט אויף דער גאַס ציילן: איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, אַ מיליאָן, צוויי מיליאָן, פינף מיליאָן. כ׳בין נישט געקומען קיין פּאַריז ציילן די מענטשן. מסתמא, אַז מען שרייבט פינף, — איז דאָ פינף... און צוריקגעשמועסט, טאָמער האָט מען מיר צו־געלייגט אָדער אַראָפּגענומען אַ מיליאָנדל, בין איך אויך נישט בדלות.

כ׳בין געקומען קיין פּאַריז מיט מיינע דאגות, מיט מיינע קלאָפּאָטן, מיט מיין פּעקל. איך וואַרט אויף דער שיף און פאָר ווייטער. ווו ווייטער? — כ׳זאָל אַזוי וויסן פון מיינע צרות. די מעשה איז אַזוי: וויל איך, — פאָר איך קיין סאַן דאָמינגאָ, אין סאַן דאָמינגאָ בין איך ווי אין דער היים. וויל איך, — פאָר איך קיין ווענעסועלאַ, ס׳ליגט דאָרט גאָלד אין די גאַסן און מען חלשט, אַז כ׳זאָל קומען. וויל איך, פאָר איך קיין קובאַ, —

מיין פאַך איז דאָרט גוט: כ'בין אַן אַרבעטסלאָזער. אָבער די קאָנקורענץ איז דאָרט זייער גרויס. ווייל איך, פאַר איך מיר אַריין איינס און צוויי קיין האָנדוראַס, אָדער קיין טשילע, אָדער — קיין האָנאָלולו. און קוים ווייל איך דווקא, לאָז איך שטיין סאַן דאָמינגאָ און ווענעסועלאַ און קובאַ און טשילע און האָנאָלולו, — כ'לאָז מיך גאָר אויפן עקוואַדאָר. נאָר וואָס דען? — מען מוז אביסל וואַרטן.

וואָס פרעגט איר, ווי לאַנג וואַרטן? איך ווייס? וואָס פרעגט איר מיך? — כ'בין נישט קיין קאָנסול. ווען כ'וואָלט געווען אַ קאָנסול, וואָלט איך דאָך נישט געווען קיין עמיגראַנט... אוי, געוואַלד, געוואַלד, ווען איך בין אַ קאָנסול, קלאַפּ איך מיר אַרויף אויפן פּאַס איין סטעמפּעלע און נאָך אַ סטעמפּעלע און אַ דריט סטעמפּעלע. כ'וואָלט בייטאָג געסטעמפּלט און ביינאַכט געסטעמפּלט און אפילו איצט, — ווען איך שטיי דאָ און רעד מיט אייך, — וואָלט איך אויך געסטעמפּלט. כ'וואָלט געסטעמפּלט וויזעס אויף רעכטס און אויף לינקס. איר ווילט אַ וויזע? — נאַט אייך אַ וויזע. אייער ווייב? — נאַט אייך פאַרן ווייב, פאַר די קינדערלעך, פאַר די שוועגערינס, פאַר באַקאַנטע, פאַר שכנים, פאַרן גאַנצן כלל-ישראל. אַלע יידן וואָלטן ביי מיר געפאָרן. אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז איך בין מיט מיר אַליין נישט פאַרזאָרגט. אפשר ווייסט איר, ווי אַזוי כ'קאָן פאָרן ווייטער?...

גיי זעץ זיך אַוועק אין אַזאַ ריזיקן קעסל ווי פּאַריז און וואַרט. עס הייסט, אַז מען וויל רעכענען, איז פּאַריז גאָרנישט אַזאַ שלעכטע שטאָט, אָבער — ס'פראַנצויזישע לייגט מיך אַוועק. אַז אַלע האָבן זיך דאָ געמאַכט אַ מאָדע און רעדן פראַנצויזיש. און נישט נאָר די יידן, נאָר אפילו די פראַנצויזן — גאָר פראַנצויזיש. מען רעדט אונטער דער נאָז און מען פאַרשטייט נישט קיין וואָרט. לעולם אַרט מיך נישט, וואָס מען רעדט אונטער דער נאָז; אָבער פאַרשטיין וואָס מען רעדט, דאַרף מען? יאָ צי — ניין?

באַלד, אַראָפּגייענדיק פון באַן, טרעף איך איינעם, פרעג איך אים: זאָגט מיר, כ'בעט אייך זייער, האָט נישט קיין פאַריבל, וווּ גייט מען דאָ אין „היאַס“? — האָט ער מיך אויסגעהערט און מיר געענטפערט מיט אַ פּסוק אויף פראַנצויזיש.




— מזל טוב, איך בין שוין אין פּאַריז!

זאג איך צו אים:

— ס'איז גוט, ס'איז גוט... און פון אזא ענטפער, ווילט איר, זאל איך טרעפן אין „היאס" ארײן?... רעדט צו מיר אזוי ווי איך רעד צו אײך, מענטשלעך. כ'בין נאר־וואס אראפ פון דער באן, ווילט איר, כ'זאל שוין קענען פראנצויזיש? לאזט מיך צוערשט אפאטעמען, לאזט מיך אביסל אפרוען, לאזט מיך פריער אפוואשן, לאזט מיך זײן דא א צוויי־דריי טעג, וועל איך זיך אויסלערנען. אבער שוין אויף איין פוס, ווילט איר, זאל איך קענען די גאנצע תורה?...

האט ער מיך אויסגעהערט און איז אוועק אן א גוטן טאג. מסתמא — א גאליציאנער. און אפשר גאר — א ליטוואק; ווײל כ'האב דערקענט, אז ער רעדט צו מיר פראנצויזיש אויף ליטוויש, נישט מיט קיין „שין", נאר — מיט א „סין".

דערנאך האב איך געוואלט צוריקגיין אויפן וואקזאל, האב איך שוין נישט געטראפן צוריק. און פרעגן האב איך זיך נישט געקענט, ווײל כ'האב א שטומע צונג. אויף פראנצויזיש הייסט א וואקזאל: „גאר". און ס'איז פאראן אין פאריז אזויפיל ג א ר ן, אז מ'קאן אויפנײען א מאנטל... מ'קאן משוגע ווערן ביים פונאנדערפלאנטערן דעם פאריזער קנויל מיט גארן. כאטש נעם און ווער א שנײדער.

אבער ווער האט צײט צו די אלע זאכן? איך לאז אלץ שטיין און גיי צום קאנסול. צו וועלכן קאנסול? — צו וועלכן עס וועט זיך לאזן. א ייד איז ביי יעדן קאנסול אין דער היים. זאגט מיר, וואס וואלטן די קאנסולן געטאן, ווען עס וואלטן, חלילה, קיין יידן נישט געווען? אבער נישט דער־לעבן וועלן עס אויפדערערע שונאים. עס וועלן זײן יידן, ס'וועלן זײן קאנ־סולן, ס'וועלן זײן פעסער, ס'וועלן זײן וויזעס. איי, וועט איר זאגן: ס'איז נישטא וווּ צו פארן? איז דער תירוץ, וואס ווילט איר האבן אלע באקוועמ־לעכקייטן? — אי א פאס, אי א וויזע, אי א ן א ר ט וווּ צו פארן? דער עיקר, פארשטייט איך מיך, איז נישט וווּ הי ן מען פארט, נאר — וווּ איז דער קאנסול?

אפשר ווייסט איר ווי אזוי מען פרעגט אויף פראנצויזיש: „וווּ וווינט דא דער קאנסול?"

2

## אוי, דער פּאַריזער טומל!

כ'בעט אייך, יידן, אפשר האָט איר עפּעס אַ מיטל צו קאָפּ־ווייטיק? כ'פּיל, אַז כ'וועל בלייבן אין פּאַריז אָן אַ קאָפּ; און אָן אַ קאָפּ, פאַרשטייט איר מיך, איז מנחם מענדל נישט ווערט קיין צווייער, אָן אַ קאָפּ קאָן איך דאָ אויסגיין ווי אַ ליכט.

איר פרעגט, פאַרוואָס דער קאָפּ טוט מיר וויי? — אַ שיינע שאלה. אַז אַן עמיגראַנט זאָל האָבן זעקס קעפּ, וואָלטן אַלע זעקס קעפּ אים ווייגעטאָן; דערצו נאָך גיי און זיי אַן עמיגראַנט אין פּאַריז. ס'איז נישט פאַר מיינע כוחות. שטעלט אייך פאָר: איין קאָנסול ווינט אויף ד ע ר גאַס און אַ צווייטער קאָנסול — אויף י ע נ ע ר גאַס, און אַ דריטער — אויף אַן אַ נ ד ע ר גאַס. און ביז וואַנען מען קריגט זיך אַריבער פון איין בולוואַר אויפן צווייטן, פון איין גאַס אויף דער צווייטער, גייט אויס די נשמה. מען דאַרף וויסן, ווען מען מעג יאָ אַריבערגיין און ווען מ'טאָר נישט אַריבערגיין. גיי ווייס, וואָס מען מיינט אַ ר ו י ט ע ר סיגנאַל, וואָס מען מיינט ב ל אָ און וואָס מען מיינט ג ע ל, — אַז איך בין אַ ג ר י נ ע ר. און די אויטאָס אין פּאַריז לויפן הין און צוריק ווי די משוגעים. אין גיהנום איז זיכער נישטאָ אַזוי פיל טייוולאָנים, ווי אין פּאַריז — אויטאָס. טשיקאַווע, ווען אַזאַ פאָרד האָט דאָס אַלץ געמאַכט? אַ גערויש, אַ ליאַרעם. און וויל איך אַריבערגיין — פייפט מען, וויל איך צוריקגיין, — פייפט אַן אַנדערער. וויל איך צוגיין צום פּאָליציאַנט פרעגן, אויף וועמען מען פייפט אַזוי, צי מען פייפט אויף מיר, אָדער מען פייפט אויף אַנדערע עמיגראַנטן, — גיט דער פּאָליציאַנט אויך אַ פייף, ווער

איך שוין דעמאָלט אינגאַנצן צעמישט, און ווען כ׳האָב אַ פּיפּער, — פּייף איך אַליין אויך.

און ביי דעם גאַנצן טומל און הו־האַ, מוז איך דאָך האָבן דעם קאָפּ אויפן קאַרק, און איך טאַפּ זיך כסדר ביי דער בוזעם־קעשענע, צי כ׳האָב נאָך דעם פּאַס מיט די וויזעס. ס׳הייסט, אייגנטלעך האָב איך נאָך נישט קיין וויזעס; ווען כ׳וואָלט געהאַט וויזעס, וואָלט איך דאָך נישט געזעסן אין פּאַריז, נאָר כ׳וואָלט געזעסן אויף דער שיף. אָבער וויזעס איז אַ קליי־ניקייט, — כ׳וועל האָבן. די הויפּט־זאַך איז אַ פּאַס, און אַז מ׳האָט אַ פּאַס מיט אַן אָרט, ווו אַרויפצולייגן די וויזעס, — קאָן מען שוין די וויזעס במילא באַקומען. און אַז מען האָט נישט קיין פּאַס און מ׳האָט נישט קיין ליידיק בלעטל, ס׳הייסט — אַן אָרט אויף די וויזעס, — איז טאַקע אָך־און־וויי צום עמיגראַנט.

היינט בין איך שוין ווידער געוועזן ביים קאָנסול. אַ קאָנסול, זאָלט איר וויסן, טאָר מען נישט אָפּלאָזן. ער דאַרף אייך יעדן טאָג זען, און ער דאַרף אייך כאָטש עטלעכע מאָל דורכן טאָג אַרויסוואַרפן. אַז מען וואַרפט מיך אַרויס, קום איך צוריק אַריין. ערגער איז, ווען מען וואַרפט נישט אַרויס. וואָרום דער שכל איז אַ פּשוטער שכל: אויב דער קאָנסול וואַרפט אייך נישט אַרויס, איז אַ סימן, אַז דער קאָנסול קוקט נישט אויף אייך, און אויב דער קאָנסול קוקט נישט אויף אייך, זענט איר אַן אָפּגעקאָכטער. איר וועט שוין בלייבן אַן עמיגראַנט ס׳אייביקע לעבן.

מיך האָט היינט דער קאָנסול דריי מאָל אַרויסגעוואָרפן, דערפאַר האָב איך טאַקע שאַנסן...

מיט סאַן דאָמינגאָ איז אַפילו ביי מיר קאַליע געוואָרן, מיט ווענע־כועלאַ האָלט אויך שמאָל, און קובאַ, האָנדוראַס און עקוואַדאָר איז דער־ווייל אַ פאַרשלעפּטע קרענק, דערפאַר אָבער פּיקט זיך ביי מיר אורוגוואַי. מען גיט מיר שוין אורוגוואַי, — נאָר איך נעם נישט. מיר שמעקט נאָר פּ א ר א ג ו ו א י. וואָס עפּעס פּאַראַגוואַי? — נישט דערפאַר, וואָס כ׳בין פאַרליבט אין פּאַראַגוואַי. חלילה וחס! נאָר מען דאַרף האָבן שכל: אויב מען גיט אייך אורוגוואַי, איז אַ סימן, אַז איר דאַרפט זיך אַהין נישט שטופּן... איר דאַרפט בעסער נעמען עפּעס אַנדערש, זאָל זיין פּאַראַגוואַי.




— טשעקאַווע, ווען אַזאַ פאָרד האָט דאָס אַליין געמאַכט?!

און טאַמער זאָגט מען „זכה לו", און מען גיט אייך פּאַראַגוואַי, — וועט איר דעמאָלט ווייטער זען, וואָס איר האָט צו טאָן... פאַרלאָזט אייך אויף מיר. איך קאָן זיך אויף די אַלע שפּיצלעך און דריידלעך. איך בין נישט קיין עמיגראַנט פון היינט און נישט פון נעכטן.

כאָטש צוריקגעשמועסט, איז אַפילו אַ חילוק פון אַן אמאַליקן עמיגראַנט ביז אַ היינטיקן. אמאָל האָט אַן עמיגראַנט נישט געוווּסט, צוליב וואָס ער פאָרט, אָבער ער האָט געוווּסט, וווּהין ער פאָרט. אַ היינטיקער עמיגראַנט ווייס נישט, וווּהין ער פאָרט, נאָר ער ווייס, צוליב וואָס ער פאָרט...

מאָרגן גיי איך ווידער צום קאָנסול. מאָרגן נעמט ער קיינעם נישט אויף, אָבער עס מאַכט נישט אויס. ס'איז בעסער. ערשטנס, אַז ער נעמט קיינעם נישט אויף, איז דאָ ווייניק מענטשן; און צווייטנס, כ'האָב סיי ווי נישט, וווּ צו ווינען אין פּאַריז, וועל איך אַביסל זיצן ביים קאָנסול אין קאָרידאָר. פאַר אַן עמיגראַנט איז דאָס אויך אַ קרן. ס'איז וואַרעם. צענטראַלע באַהייצונג. פאַרלאָזט אייך אויף מנחם-מענדלען.

## 3

# אַן אָנשיקעניש, די שיפֿן שטרייקן

א פריש אָנשיקעניש. הערט א נייעס: די קאָנסולן האָבן זיך געמאַכט יד־אחת און נעמען נישט אָן קיין עמיגראַנטן. אַלע קאָנסולן שרייען אין איין קול: „די שיפֿן שטרייקן".

נו, קאָן מען נישט פּלאַצן? באשר בכן די שיפֿן שטרייקן, דאַרף איך זיך אַרומדרייען פּוסט און פּאַסט און משוגע ווערן וואַרטנדיק? א י ך האָב געמאַכט דעם שטרייק? א י ך בין שולדיק?

און דערווייל האָבן די קאָנסולן אַן אויסרייד און שלעפּן אָפּ א טאָג נאָך א טאָג. נאָך א נס פֿון הימל, וואָס איך האָב נישט ווו צו פֿאָרן. מיין לעצטע אויסרעכענונג איז געווען פּאַראַגוואַי, ווער איך אָבער געוווּר, אַז פּאַראַגוואַי האָט שוין צופֿיל... אָבער איך נעם מיר נישט צום האַרצן. עס פֿעלן נישט, ברוך השם, קיין לענדער. כ'האָב היינט ספּעציעל דורכגעקוקט די מאַפּע, האָב איך געזען ווי גרויס די וועלט איז... כ'האָב א קוק געטאָן אויפֿן גלאָבוס, האָב איך ערשט געעפֿנט די אויגן...

שטעלט אייך פֿאָר, אַז כ'האָב אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז עס איז אויך פֿאַראַן א שאַנכיי אויפֿן ערד־קוגל. אמת טאַקע, אַז עס איז זייער ווייט אַהין; אָבער גאָרנישט. ווייט-שמייט, ס'איז בלאָטע. מען שמועסט, וואָס אַן אמת, אַז די יידן פֿון שאַנכיי ווילן אַרויס. נו, איז וואָס-זשע? טייל ווילן אַרויס, אַנדערע ווילן אַריין. אַזוי איז שוין דער סדר פֿון דער וועלט, מען פֿאָרט אַהער און מען פֿאָרט אַהין. דערוויף זענען מיר דאָך יידן, יאָ ציי ניין?... ס'איז אויך אמת, אַז איך רעד נישט אַזוי איי־איי כינעזיש, אָבער דאָס איז אויך נישט קיין אומגליק. רעדט מען מיט די הענט. א וואָרט

ארויף, אַ וואָרט אַראָפּ, — מען קומט אדורך. מען ווערט נישט פּאַרפאַלן.

אָבער דערווייל, ביז וואָס־ווען, ווער איך משוגע פון לײדיק גיין. כ'קריך ארום איבער די פּאַריזער גאַסן און דער טאָג שלעפּט זיך ווי ס'יידי־שע גלות.

נעכטן האָב איך מיך געלאָזט צייכענען אויף דער גאַס. איינס און צוויי האָט מען מיר געמאַכט אַ פּאָרטרעט. כ'בין ארויסגעקומען טאָטש וו'טאָטש. אַז איך האָב זיך אָנגעקוקט, האָב איך ערשט געזען, וואָסער פּנים איך האָב... אַלע קנייטשן פון פּנים זענען ארויסגעקומען. אפשר צוואַנציק קנייטשן. און ארום און ארום קאָסט עס מיך צוואַנציק פראַנק. אַ מציאה. ס'מאַכט אויס אַ פראַנק — אַ קנייטש. דערנאָך האָב איך נישט געהאַט מיט מיר וואָס צו טאָן, בין איך אויף די בולוואַרן אריינגעגאַנגען אין אַ געוועלב, וו מען פאַרקויפט מוזיק. יאָ, יאָ, מוזיק. איר וואַרפט אריין אַ פראַנק אין אַ קעסטל אריין, עס הייבט זיך אָן צו דרייען אַ מעכאַניזם, איר פאַרלייגט זיך רערלעך אויף די אויערן און איר הערט די שענסטע מוזיק אין דער וועלט, אַ חוץ חזנות. אַז איר האָט שוין אָפּגעהערט די מו־זיק, פאַרמאַכט זיך דער מעכאַניזם און ער וואַרט, ביז איר וואַרפט אריין אַ פרישן פראַנק. און פון וואַנען דער מעכאַניזם דערשמעקט אַזוי, אַז איר האָט אין קעשענע פראַנקן, הייב איך נישט אָן צו פאַרשטיין.

נעכטן בין איך אויך צום ערשטן מאָל אריינגעפאַלן אין אַ פּאַריזער קאַפע. אַז מען וויל רעכענען, איז גאַנץ פּאַריז איין גרויס קאַפע. פּרוווט זיך אוועקזעצן אין פּאַריז אויף דער גאַס, וו איר ווילט נאָר אַליין, ועט באַלד צוקומען דער קעלנער... האָב איך זיך אוועקגעזעצט אין אַ קאַפע אויף אַ שטול. איך קוק זיך אום, זיצט נעבן מיר אַ פרוי מיט צוויי קעציע־לעך אויף דער שוים און זי גיט זיי צו עסן ליאָדעס, מאַראָזשענע אַזאַ. איין קעצל עסט פרוכטן־ליאָדעס און איין קעצל — שאָקאָלאַד־ליאָדעס. האָט מיך אויך אָנגעשמעקט ליאָדעס, אָבער איך ווייס נישט, ווי אַזוי מען זאָגט עס אויף פראַנצויזיש. און דאָ האָב איך ס'ערשטע מאָל אין לעבן מקנא געווען אַ קעצל. איי, — טראַכט איך מיר, — ווען איך בין אַ קעצל, וואָס וואָלט מיר איצט געפעלט.

רעכטס פון מיר איז געזעסן אַן עלטערע דאַמע און געשטריקט אַ




— אַז כ'האָב אַ קוק געטאָן אויפן גלאָבוס, האָב איך ערשט גע־
זען, ווי גרויס די וועלט איז!...

סוועטער. פון ליגקס איז געזעסן אַ יונג פּאָרל און זיך געקושט, זיצט מען דערווייל נישט ליידיק... און אַזוי ווי מען זיצט אויף דער גאַס, האָב איך מיך צוגעקוקט צו די דורכגייער. אַלע איילן זיך. כ'הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, וואָס עס איז די איילעניש? און אַז עס וועט דויערן נאָך צען מינוט, וועלן זיי חלילה פאַרשפּעטיקן?

אָט זע איך ווי עס גייט פאַרביי אַ צייטונגס־פאַרקויפער און רופט אויס בייזערהייט, דווקא מיט אַ ניגון, די נעמען פון זיינע צייטונגען; און ס'זעט גאָרנישט אויס, אַז ער זוכט קונים. ס'זעט גיכער אויס, אַז ער דאַרף וואָס שנעלער אָפּשרייען זיין פּאַרציע און אַהיימלויפן עסן...

און אָט גייט דורך אַ נעגער. קיינער קוקט זיך נישט אום, צי ער האָט אַ שוואַרצע הויט, צי אַ געלע, צי אַ ווייסע. יעדנס הויט איז זיינס אַ פּריוואַטע זאַך, און דאָס איז מיר דווקא יאָ געפעלן געוואָרן אין פּאַריז...

אַז מען קוקט זיך צו, זעט מען אויך פאַרבייגיין אַ טערק. ער טראָגט ספּעציעל אַ פעסקע, אַז מען זאָל דערקענען, אַז ער איז אַ טערק. טוען אים אָבער אַלע דורכגייער אָפּ אויף טערקיש, און מען מאַכט זיך נישט וויסנדיק. זאָל ער זיין אַ טערק, זאָל ער זיין אַ טאָטער, — ווּעמען גייט עס דען אָן?... מען זעט אויך פאַרבייגיין פּוילישע יידן, אָבער זיי דערקענט מען גלייך. זיי רעדן אַזאַ פראַנצויזיש, אַז אפילו א י ך פאַרשטיי אים...

און אָט אַזוי זיצט מען אָפּ אין די פּאַריזער קאַפעען גאַנצע שעהן און מען האָט געדולד; די פאַרבייגייער האָבן געדולד צו קוקן אויף די קאַפע־געסט, די קאַפע־געסט האָבן געדולד צו קוקן אויף די פאַרבייגייער, דער קעלנער האָט געדולד צו קוקן סיי אויף די פאַרבייגייער, סיי אויף די געסט, און עס פּלאַצט אים ערשט ס'געדולד דעמאָלט... ווען איר גיט אים נישט קיין טרינק־געלט. אָפּגעהיטן זאָלט איר ווערן...

און אָט אַזוי פּטרט מען אָפּ די טעג אין פּאַריז. וואָס וועט זיין, — וועט זיין. מאָרגן גיי איך ווידער אין קאָנסולאַט!

4

## איך האָב אַנטדעקט אַ נייע וועלט!

יידן, עמיגראַנטן, איך האָב פאַר אייך אַ גוטע בשורה. זיצנדיק אין פּאַריז, האָב איך דאָך אַנטדעקט אַ נייעס. שטעלט אייך פאָר, אַז אַחוץ ד ע ר וועלט, מ׳שטיינס געזאָגט, אויף דער ערד, וואָס מיר אַלע קענען זי זייער גוט, און פון וועלכער מיר יידן האָבן אַזוי פיל צרות אויסצושטיין, — אַ חוץ דער דאָזיקער וועלט, איז דאָך פאַראַן נ אָ ך אַ וועלט. אַ וועלט — אונטער דער ערד.

איר גייט זיך אַזוי איבער די שיינע פּאַריזער גאַסן אין אייערע גע־האַקטע צרות און איר זענט פאַרטאָן אין אייערע שטענדיקע פינצטערע מחשבות: „ווו קאָן מען יאָ פאָרן און ווו קאָן מען נישט פאָרן?", „ווו לאָזט מען יאָ אַריין, און ווו לאָזט מען נישט אַריין?", איר טראַכט זיך אַזוי וועגן אַ שטיקל באָדן אונטער די פיס, — און איר ווייסט גאָרנישט, אַז אין דערזעלביקער צייט טרעט איר אויף אַ ריזיקער טעריטאָריע, אונ־טער דער ערד. איר גייט, ממש, אויף נאָך אַ וועלט. אַ וועלט מיט אַלע פּיטשעווקעס. מיט ווינדעס, מיט באַנען, מיט קאַסירערס, מיט פּאַסאַזשירן, מיט צייטונגען, מיט רעקלאַמעס, מיט טעלעפאָנען און מיט אַלע זיבן גוטע זאַכן.

און אַנטדעקט די נייע וועלט האָב איך נישט ווילנדיק, פּשוט — צו־ליב אַ צופאַל. און צוריק געשמועסט, וועלכע נייע טעריטאָריע ווערט דען נישט אַנטדעקט צוליב אַ צופאַל? ווי אַזוי האָט דען קאָלאָמבוס אַנטדעקט זיין אַמעריקע, אויב נישט צוליב אַ צופאַל? ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ שיפל און איז געפאָרן אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער איז צוגעקו־

מען צו א פּאָרט, ווו עס איז געהאנגען אַ שילדל מיט אַן אויפשריפט: ניו־יאָרק". נאָר וואָס דען, ביי מיר איז געווען אביסל אנדערש. איך האָב מיך נישט אראָפּגעלאָזט מיט אַ שיפל, נאָר — מיט טרעפּלעך. און איך האָב נישט געזען קיין אויפשריפט „ניו־יאָרק", נאָר — „מעטראָ־פּאָליטען". אי, טאָמער וועט איר פרעגן: וואָס איז דאָס אַזוינס „מעטראָ-פּאָליטען"?, — וועל איך אייך דערויף ענטפערן, אַז איך האָב אייך נישט וואָס צו ענט־פערן. עס איז פונקט ווי איר וואָלט געפרעגט: פאַרוואָס הייסט אמעריקע — „אמעריקע"? און אפריקע — „אפריקע"? אזוי הייסט עס און — שוין...

ביי מיר, ביי מיין אנטדעקונג, איז די מעשה געווען אזוי: אויף איי-נער פון די גאַסן האָב איך דערזען טרעפּלעך, וואָס פירן אראָפּ אין דער ערד אריין. טראַכט איך נישט לאַנג און זאָג צו מיר אזוי:

— מנחם מענדל, פויל זיך נישט. גיי אראָפּ און כאַפּ אַ קוק, וואָס אונטן טוט זיך. אמת, די טרעפּ פירן טאַקע אין דער ערד אריין, אָבער האָב נישט קיין מורא. האָסט מיטגעמאַכט געטאָס, האָסט מיטגעמאַכט לאַגערן, טאָ וואָס קאָן דיך שוין אָפּסטראַשען?... געפערלעכער ווי ביים דייטש קאָן שוין נישט זיין!

אַז איך בין אראָפּ אונטן, איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אַ נייע וועלט! און מענטשן זענען אויך דאָ. און מען לויפט אהין און צו-ריק ווי משוגעים, פונקט ווי אין דער הויך. און באַנען לויפן ווי טייוולאָנים. און די טירן פאַרמאַכן זיך אַן אַ קאָנדוקטאָר. און וואָרעם איז אַ מחיה. עפּעס גאָר אַן אַנדער קלימאַט. כאָטש נעם און צי־אראָפּ פון זיך דעם פּאַלטאָ מיטן וועסטל. און יידן שטייען אונטן און קוקן אויף דער מאַפּע: צי מען זאָל פאָרן ד אָ, אָדער מען זאָל פאָרן ד אָ ר ט ן . . . אומע־טום, הייסט עס, איין וועלט?... אָבער דאָ מוז מען מודה זיין, איז עפּעס פּאָרט אנגענעמער. כאָטש קיין גערעכטיקייט — זאָג איך צו מיר אליין — איז נישטאָ. ווייל אַז מען קוקט פון דאַנען ארויף אין דער הויך, זעט מען נאָר אַ סופיט, אָבער די מענטשן פון דער אויבערשטער וועלט, אַז זיי קוקן ארויף, האָבן זיי אַ הימל, אַ זון, שטערן... פאַרוואָס קומט עס, אַז אַ טייל




— סטאָפּ, די טירן פֿאַרהאַקן זיך!... אומעטום, הייסט עס, דער זעלבער גורל?!...

מע'טשן זאָלן יאָ האָבן די זון, און אַנדערע — נישט?... צי זענען דען נישט אַלע מענטשן גלייך?

איך לאָז מיך אַראָפּ אַ שטאָק נידעריקער, און דערנאָך — נאָך ני־דעריקער. די מענטשהייט אין דער הויך האָט מיך וואָס אַמאָל טי־פער אין דער ערד. און קריכנדיק אַזוי אין לאַבירינט, טרעף איך אָן אויף אַ בלינדן, וואָס שפּילט אַזוי האַרציק אויף אַ פֿידעלע; די מעלאָדיע צעגייט אין אַלע גלידער. די סטרונעס וויינען. איך וויל מיטוויינען, אָבער איך באַהערש זיך. אויף דער ערד וויינען, און אונטער דער ערד וויינען, — דאָס איז שוין נישט קיין עסק... איך וואַרף אַריין דעם בלינדן אַ פֿראַנק אין היטל אַריין. זאָל ער האָבן. עס פֿעלט מיר אַזוי פֿיל צו דער שיפֿסקאַרטע, וועט מיר פֿעלן נאָך אַ פֿראַנק... און צו וואָס דאַרף איך אַ שיפֿסקאַרטע, אַז איך האָב נאָך סיי ווי נישט וווהין צו פֿאָרן? ס'הייסט, וווהין צו פֿאָרן איז יאָ דאָ, אָבער מען דאַרף האָבן אַ וויזע. אייגנטלעך, קאָן איך אַפֿילו אַ וויזע אויך האָבן, אָבער דער קאָנסול זאָגט, אַז... לאָזט מיך אָפּ, כ'וויל איצט נישט רעדן וועגן קאָנסול; גענוג, אַז כ'האָב אים גאַנצע טעג אין דער הויך...

דערווייל קריך איך אונטן פֿון איין צווייטן אַריין. טרעפּ־אַרויף און טרעפּ־אַראָפּ. אָט, שטייט אַ מיידל און פֿאַרקויפֿט בלומען. רויזן, וואָס בליען. אָבער דאָס מיידל, זע איך, האָט שוין אָפּגעבליט. לויט מיין חשבון, דאַרפֿן די בלומען קאָסטן זייער ביליק. בלומען שטאַמען דאָך פֿון דער ערד אַרויס. דאָ, אונטער דער ערד, דאַרף זיין די ערשטע קוועלע פֿון געוויקסן. אין דער הויך, אויף יענער וועלט, פֿאַרקויפֿט מען דאָך זיי שוין פֿון דער צווייטער האַנט...

איך זעץ מיך אַוועק אויף אַ באַנק און מאַך אַ חשבון פֿון מיין אַנט־דעקונג.

— דער וועג דאָ, אונטער דער ערד, —טראַכט איך מיר, — פֿירט זייער ווייט. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער וועג ציט זיך ביז לאָנ־דאָן, ביז ניו־יאָרק, ביז יאָהאַנעסבורג, און אפֿשר נאָך ווייטער. אומעטום איז מסתמא פֿאַראַן אַן אונטערערדיש לעבן. הייסט עס, אַז די וועלט איז טאָפּלט גרויס ווי איך האָב גערעכנט. מיט איין וואָרט: עס זענען פֿאַראַן

צ ו יי וועלטן. אויב זשע ווידער עס זענען פאראן צוויי וועלטן, איז ־־אך א קשיא, פאַרוואָס איז אזוי ענג און מען לאָזט אין ערגיץ נישט אריין? וויל מען מיר איינרעדן, אז צוויי וועלטן איז ווייניק פאַר אזא קליין ביי־סעלע מענטש?...

דערווייל קומט אָן א באַן, איך פּרוּוו זיך אויך ארייַנכאַפּן, אָבער איידער איך פאָרע זיך אוים, פארהאַקן זיך די טירן אונטער דער נאָז. בלייב איך שטיין א געפּלעפּטער אינדרויסן פאַר די פאַרמאַכטע טירן. איך שעם זיך, פשוט, פאַר זיך אַליין... אומעטום — דער זעלבער גורל... קען מען מיך שוין, הייסט עס, ד אָ אויך?...

און אזוי האָב איך א האַלבן טאָג געבלאָנדזשעט אונטער דער ערד. דער סוף איז געווען, איך האָב מיך ארויסגעשטעלט אויף עפּעס א טרעפּל, מען זאָגט, אז עס איז אזא עלעקטרישער מעכאַניזם, און דאָס טרעפּל איז מיט מיר געפאָרן ביז ארויף אין דער הויך, אויף דער אויבערשטער וועלט, הייסט עס, און — איך בין ווידער אין פּאַריז. אָבער די עלעקטרישע טרעפּ־לעך גייען מיר נישט ארוים פון זינען. איך טראַכט כסדר: וואָס וואָלט אונדז געפעלט, ווען די טרעפּלעך וואָלטן אונדז געפירט אביסל ווייטער?... און טאַקע אָן פּעסער, אָן וויזעס, אָן קאָנסולן...

איצט, ווען איך דריי מיך שוין ווידער ארום איבער די פּאַריזער גאַסן, און איך טרעט אויף נאָך א וועלט, — דאַכט זיך מיר כסדר, אז דער באָדן גליטשט זיך מיר אונטער די פים, און אָט־אָט בלייב איך אָן א באָדן. אָבער איך ווער נישט דערפון נתפּעל. ווען האָב איך דען יאָ געהאַט א פ ע ס ט ן ב אָ ד ן אונטער די פים?... זאָגט אַליין...

5

## וואָסער שפּראַך זאָל איך זיך לערנען?

משוגע מיינע שונאים. מען רעדט דאָך מיך צו, כ'זאָל מיך לערנען פראַנצויזיש!

— אַז דו ביסט, — זאָגט מען מיר, — אין פּאַריז, דאַרפסטו זיך אויסלערנען פראַנצויזיש. קויף דיר ביכער, גיי אויף קורסן און לערן זיך.

ס'איז גוט... מיט אַלעם בין איך שוין פאַרזאָרגט, ס'פעלט מיר שוין גאָרנישט, — נאָר פראַנצויזישע קורסן פעלן מיר...

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז זייער גוט צו קענען די שפּראַך פון לאַנד, וווּהין מען פאָרט. אָבער ווער קאָן מיר זאָגן, וווּהין איך פאָר? כ'ווייס דען וווּ כ'פאָר... כ'בין געווען אין פּוילן, האָב איך געלערנט פּויליש. געווען אין לאַגער, האָט מען מיט מיר געלערנט דייטש. כ'בין אין פּאַריז, דאַרף מען לערנען פראַנצויזיש. וועל איך פאָרן קיין ניו־יאָרק, דאַרף איך לערנען ענגליש. און טאָמער עפּנט מען פאַר אונדז ענדלעך די טויערן פון ארץ־ישראל, דאַרף איך לערנען לשון־קודש און אַראַביש; און טאָמער באַקום איך אַ וויזע קיין דרום־אַמעריקע, מוז איך קענען, זאָגט מען, שפּאַניש, און טאָמער גאָר, די שעה זאָל נישט זיין, — סאַן דאָמינגאָ? — מוז איך דאָך שטודירן סאַנדאָמינגיש... נו, פרעג איך אייך, איז דאָס אַלץ פאַר מיינע נערוון? פראַנצויזיש, ענגליש, לשון־קודש, אַראַביש, שפּאַניש, סאַנדאָמינגיש? איז דאָס פאַר מיין געמיט?...

כ'מיין, אַז עס איז שוין גאַנץ שיין פון מיין זייט, אַז כ'האָב מיר איינגעקויפט פאַרשידענע ווערטער־ביכער. אַ פולער טשעמאָדאַן מיט ווערטער־ביכער. נו, און וואָס האָב איך דערפון? גאָרנישט מיט גאָרנישט. אַז

כ׳וויל שוין עפּעס אויסזוכן אַ וואָרט, איז ביז איך מיש אויף ס׳בלעטל פון ווערטער-בוך, — פאַרגעס איך דערווייל, וואָס פאַרא וואָרט איך זוך. און ס׳איז נישט קיין ווונדער, דער קאָפּ, לא עליכם, דינט נישט. נאָך אַזוי פיל איבערלעבענישן. פאַרלוירן דעם זכרון, מען פאַרגעסט.

כ׳וועל מיך גאַרנישט שעמען פאַר אייך, כ׳בין היינט אַרויס אויף אַ מינוט פון מיין האָטעל אין גאַס אַריין, און ווען כ׳האָב געוואָלט צוריק-גיין, האָב איך פאַרגעסן, וווּ איך וווין... כאָטש קוילעט מיך, — כ׳ווייס נישט. האָב איך געוואָלט גיין צום קאָנסול רעדן וועגן אַ וויזע, האָב איך פאַרגעסן, וווהין איך פאָר... און האָב איך זיך שוין דערמאָנט, וווהין כ׳האָב לעצטנס באַשלאָסן צו פאָרן, — האָב איך פאַרגעסן, וווּ דער קאָנסול וווינט...

נו, פרעג איך אייך, מיט אַזאַ זכרון זאָל איך זיך איצט אָוועקזעצן לערנען שפּראַכן, יאָ? —

עס קומט מיר פאַר פּונקט ווי מיט דער פּראָדוקטיוויזאַציע. אין יעדן לאַנד, וווּ איך קום, ווילן מיך יידן פּראָדוקטיוויזירן, לערנען אַ מלאכה. זייער גוט. לעולם בין איך געקומען צום שכל, אַז אין תוך גענומען, איז פּראָדוקטיוויזאַציע אַ שיינער געדאַנק. און ס׳איז שוין טאַקע די העכסטע צייט, אַז מנחם מענדל זאָל זיך אויך נעמען צו עפּעס אַ לייטיש פאַך. אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? — אַז מען האָט ווו דעם קאָפּ אָוועק־צולייגן. גיי, נעם זיך צו אַ מלאכה, אַז די הענט זענען פאַרנומען מיט טשעמאָדאַנען. היינט — דאָ, מאָרגן — ערגיץ אַנדערש. גיי און לאָז זיך פּראָדוקטיוויזירן אין דער לופטן...

ווען כ׳בין נאָך געווען אין וואַרשע, האָט מיך דער „אָ ר ט“ גע־נומען לערנען שניידעריי. נו, וואָס מיינט איר איז געוואָרן? — כ׳האָב קוים פאַרטיק געמאַכט איין אַרבל, בין איך שוין געווען אין מינכען. אין מינכען, אין לאַגער, האָט מען מיך לעצטנס אָנגעהויבן צו לערנען שטעפּן. האָב איך דאָרט אַזוי לאַנג געשטעפּט, ביז כ׳האָב אַריינגעשטעפּט קיין פּאַריז. דאָ, אין פּאַריז, וויל מען מיך ווידער לערנען זייגערמאַכעריי, מען וויל מיך אויסלערנען, ווי אַ זייגערל גייט. האָב איך געענטפערט: „לא

מיט אַן אַלף". כ'דאַרף נישט. לאָמיך קודם־כּל וויסן, ווו א י ך גו פ א גיי, און דערנאָך וועל איך שוין וויסן ווי א ז יי ג ע ר ל גייט...

און אדרבא, זאָגט מיר טאַקע: ווו גיי איך? ווו פאָר איך? און וואָס וועט זיין דער סוף?

איך קום נאָר־וואָס פון „היאַס". איר ווייסט דאָך מסתמא, וואָס אַזוינס עס איז „היאַס"? דאָס איז אַזאַ אינסטיטוציע, וואָס מען ג יי ט אַהין אַ סך, און מען פ אָ ר ט פון דאָרט ווייניק.

זיצט דאָרט אַ באַאַמטער, האָט ער זייער אַ לייכטע אַרבעט. די גאַנצע תורה פון זיין אַרבעט באַשטייט דערין, וואָס ער דאַרף ענטפערן צוויי ווערטער: „מ'קאָן נישט".

איך האָב געפרעגט:

— אפשר קאָן מען פאָרן קיין אַמעריקע?

האָט ער געענטפערט:

— מ'קאָן נישט.

— אפשר קיין פּאַלעסטינע?

— מ'קאָן נישט.

— אפשר קיין אויסטראַליע?

— מ'קאָן נישט.

— אפשר מעקסיקע?

— מ'קאָן נישט.

— אפשר אַרגענטינע?

— מ'קאָן נישט.

— אפשר דרום־אַפריקע?

— מ'קאָן נישט.

— ...און אַוועקגיין קאָן איך?

— מ'קאָן.

דאָס איז געווען דער איינציקער „מ'קאָן", וואָס כ'האָב געהערט פון אַ „היאַס"־באַאַמטן...

און די עמיגראַנטן, וועלכע קומען זיך צוזאַמען אין „היאַס", שטייען דערוויי‏ל נישט ליידיק. פאָרן קאָן מען דערוויי‏ל נאָך נישט, ר ע ד ט

מען כאַטש דערוויילֿ וועגן פאַרן... מען שמועסט, מען פירט דיסקוסיעס, מען קריגט זיך.

איין ייד זאָגט, אַז אויסטראַליע איז פאַרשלאָסן אויף 77 שלעסער; רופט זיך אָן דער צווייטער: נישט אויף 77, נאָר — אויף 177. רופט זיך אָן אַ דריטער: נישט אויף 177, נאָר — טאַקע אויף 500. הער איך דאָס, נעם איך שוין אויך ס'וואָרט און זאָג:

— רבותי, איר האָט אַ טעות. אויב איר רעדט וועגן אויסטראַליע, פרעגט-זשע מיך, — אויסטראַליע איז פאַרמאַכט אויף 1000 שלעסער!

נו, מער האָט מיר נישט געפעלט. מ'האָט מיך אָפּגעגאָסן ווי מיט אַן עמער וואַסער. מישט אייך נישט אריין, — האָט מען מיר געזאָגט, — ווען מענטשן רעדן! נעמט אייך אַן א נ ד ע ר לאַנד! עס פעלן נישט, ברוך השם, קיין לענדער. איר מוזט דווקא האָבן אויסטראַליע?...

אוודאי פעלן מיר נישט קיין לענדער. נאָר די צרה איז די, וואָס כ'האָב אַזוי פיל, און — כ'האָב נאָך גאָרנישט! מאָרגן גיי איך ווידער צום קאָנסול.

6

# וואָס זאָל איך מיר אויסקלויבן: בראַזיל, ווענעסועלאַ, צי טשילע?

היינט זענען שוין ווידער פאַרמאַכט די קאָנסולאַטן!

אייגנטלעך אַרט עס מיך נישט. וואָרום וואָס האָב איך דערפון, אַז זיי זענען יאָ אָפן?... ס'זעלבע, — ווי ס'איז פאַרמאַכט. אָבער, זעט איר, דאָס, וואָס דער בראַזיליענישער קאָנסולאַט איז פאַרמאַכט, פאַרדריסט מיך יאָ. עס גייען דאָך אַרום קלאַנגען, אַז בראַזיל איז אָפן. און מיין מזל איז שוין אַזוי: איז בראַזיל אָ פ ן, — איז דער קאָנסולאַט פ אַ ר־מ אַ כ ט; און ווען שוין דער קאָנסולאַט זיין אָ פ ן, —וועט זיכער בראַזיל זיין פ אַ ר מ אַ כ ט...

צוריקגעשמועסט, ווידער, מיינט נישט, אַז בראַזיל איז אַזוי שטאַרק אָפן, אַז מען שטייט דאָרט ביי דער גרעניץ, מען שלעפט אייך ביי די פּאָ־לעס און די גרעניץ־וואַך שרייט: „אַ סוף, אַ סוף, יידעלעך, קומט אריין. שנעלער, שנעלער. נאָך, נאָך...” ניין, אַזוי ווייט האַלט עס נאָך נישט דערוויל. נאָר וואָס־זשע דען זשע? — מ'דאַרף אין בראַזיל האָבן מעכאַ־ניקער. קוים זענט איר אַ מעכאַניקער, — זענט איר אין בראַזיל, און כ'זע אייך ש ו י ן אין ריאָ דע זשאַנעיראָ!

די צרה איז אָבער, וואָס איך בין נישט קיין מעכאַניקער. וואָרום, אויב דער קאָפּ ד ר יי ט ז י ך בייטאָג און ביינאַכט, — הייסט מען נאָך נישט קיין מעכאַניקער... איר מוזט קענען אַזאַ פאַך, וואָס האָט צו טאָן מיט דער קונסט פון מעכאַניקע. איר דאַרפט קענען צענעמען אַ מאָ־טאָר אויף פּיץ־פּיצלעך און דערנאָך אים צוריקשטעלן אַזוי, אַז איר זאָלט

זיך נישט איינקלעמען א פינגער. איר דארפט קענען פירן א באן און האבן דעם קאפ אויפן קארק. אייך דארף נישט אינטערעסירן, צי מען פארט אויף דער באן מ י ט בילעטן אדער א ן בילעטן. דאס גייט אייך נישט אן. דערויף זענען פאראן קאנדוקטארן, וואס נעמען א חודש-געהאלט פון דער מלוכה. אייער אויפגאבע איז בלויז צו פירן דעם צוג, אז ער זאל נישט אראפ פון די רעלסן. און גיי נעם זיך אונטער אזא זאך אין א פרעמדער מדינה.

אבער דאס בעסטע פאך, — זאגט מען, — וואס דער בראזיליאני-שער קאנסול האט ליב, איז גאר שאפעריי, — אנפירן מיט א טאקסי, מיט אן אויטא. אייגנטלעך, פארשטיי איך נישט דעם שכל: אז איך וויל פארן מ י ט ד ע ר ש י ף, — מוז איך קענען פארן מ י ט א ן א ו י-ט א? אבער גיי פרעג קשיות א קאנסול. מיט א קאנסול, זאלט איר וויסן, טאר מען נישט איינרייסן. אז ער וויל, — מוז מען אים נאכגעבן.

און דערפאר טאקע האב איך זיך אנגעהויבן לערנען שאפעריי. פאר אלעם דארף מען קענען די מאשינעריע אויסערלעך. איך קוק דעריבער אויף די נומערן פון די אויטאס און איך קוק אויף די פירמעס. איר שטעלט זיך דען פאר, וויפל פירמעס עס זענען פאראן פון אויטאס? מ'קאן משוגע ווערן. און איר מוזט קענען ווי א פרומער ייד „אשרי" — אלע פירמעס. ווארום טאמער, נישט מיר, נישט דיר, גיט אייך דער קאנסול אזוי זייטיק א פרעג: וואס איז אזוינס א „שעווראלעט"? וואס איז א „ראלראים", וואס איז א „פארדל"?, און איר ווייסט נישט, — איז דעמאלט אייער וויזע איינגעשטעלט. איך קוק מיך דעריבער כסדר אום אויף די גאסן. עס פארט ביי מיר נישט דורך קיין איין אויטא, אז איך זאל מיך נישט אפשטעלן און קוקן. מ'האט מיך שוין אפילו עטלעכע מאל שיער איבערגעפארן, אבער וואס שפילט דאס פארא ראלע?... און אז עס וועט איבערבלייבן איין אויסלענדער ווייניקער אין פאריז, — וועט זיין א לאך אין הימל?... מ'האט מיר שוין אויך עטלעכע מאל געמאכט פראטאקאלן פאר פארהאלטן די באַ-וועגונג.. אבער דאס זאל מיר זיין מיין גרעסטע זארג! וואס האב איך מורא? וואס וועט מען מיר טאן? א י ך אליין וויים נישט, ווו איך זוין, וועט די פ א ל י צ יי יא וויסן?...




— איר מוזט קענען ווי אַ פרומער ייד „אשרי" אַלע פירמעס
און אַלע נומערן!

און איצט, אז איך קען שוין די מאשין אויסערלעך, הייב איך זיך אָן צו לערנען אינעווייניק. גאנצע טעג פּאָר איך מיט טאקסים און האַלט אין איין קוקן ווי דער שאָפער דרייט דאָס רעדל. כ׳וואָלט שנעל געכאַפּט די גאַנצע תורה, אָבער דער זייגער פון דעם טאקסי שטערט מיר. אדרבא, ווי אַזוי קאָן איך קוקן אויפן רעדל, אז דער זייגער שפּרינגט, לא עלינו, ווי א טייוול. נאָך פינף פראַנק, נאָך צען פראַנק, נאָך צוואַנציק פראַנק... און דאָס אַלץ גייט אויף מ יי ן חשבון... קוק איך דעריבער כסדר אויפן זייגער, און כ׳זע נישט, וואָס עס טוט זיך ביים רעדל. און נאָך א מעשה איז דאָ, צוליב וואָס איך קאָן נישט קוקן אויפן רעדל: דער שאָפער פאַר-שטעלט מיר. ס׳הייסט, נישט דער שאָפער פאַרשטעלט מיר, נאָר דאָס מיידל פאַרשטעלט מיר. וועלכעס מיידל? איך ווייס וו ע ל כ ע ס? איך קען זי נישט פּערזענלעך. אָבער כמעט יעדער שאָפער אין פּאַריז פאָרט צוזאַמען מיט זיין מיידל. מיט איין האַנט האַלט ער ארומגענומען ס׳מיידל, און מיט דער צווייטער האַנט האַלט ער ס׳רעדל און קערעוועט. און טאָ-מער ווילט איר קוקן און איר בעט אים, ער זאָל אוועקנעמען די האַנט, — הערט ער אייך ווי דעם קאַטער. און ער איז גערעכט אויך. וואָס ווילט איר, אז צוליב מ יי ן וויזע קיין בראַזיל, זאָל ע ר אוועקנעמען די האַנט?

איז דעריבער האַלט עס דערווייל שמאָל מיט מיין שאָפעריי. אָבער איך נעם מיר נישט צום האַרצן. וואָס קאָן דאָ זיין, — וועל איך נישט פאָרן קיין בראַזיל! וועל איך מיר אָנשטאָט קיין בראַזיל, אריינפאָרן קיין ווענעסועלאַ. ס׳איז טאַקע אהין אביסל ווייטער ווי קיין בראַזיל, אָבער ס׳איז ווערט. אין ווענעסועלאַ דאַרפט איר נישט זיין קיין מעכאַניקער, קיין מאַשיניסט, קיין שאָפער. ס׳איז גענוג, אז איר זענט א כעמיקער, — באַקומט איר שוין א וויזע קיין ווענעסועלאַ. ס׳הייסט, קיין גרויסער כע-מיקער בין איך אויך נישט. קיין רעצעפּט, פאַרשטייט זיך, וועל איך אייך נישט צוזאַמענשטעלן; אָבער אביסל קען איך די קונסט פון כעמיע. כ׳קען אייך אנשטעלן ראָזשינקע-וויין אַלע מינים: געצערטן, האַלב-געצערטן, זיסן און זויערן. ווענעסועלאַ וואָלט ביי מיר אויפגעלעבט! אָבער טאָמער, חלילה, פאַרמאַכט זיך ווענעסועלאַ, איז ביי מיר שוין אויפן סדר-היום: ט ש י-

ל ע. וואָרום טשילע דאַרף האָבן בעקערס. פאַר איך מיר אַריין קיין טשי־לע און עפן מיר אויף אַ בעקעריי. ווייל איך, באַק איך מצות, ווייל איך, באַק איך זיס געבעקס, און ווייל איך, — באַק איך גאָר ברויט. אי, טאָמער וועט איר זאָגן, אַז כ'קען נישט באַקן, — איז אויך דאָ אַן עצה: כ'נעם מיר צו אַ שותף, אַ פאַכמאַן...

אָהאָ, ווען איך באַק אַליין ברויט, וואָלט איך דאָך מיך ממש מחיה־געווען. צום פאַריזער ברויט קאָן איך מיך נישט צוגעוווינען. ס'גאַנצע לעבן האָב איך געוווּסט, אַז אַ ברויטל דאַרף זיין קיילעכדיק און גראָב; און אין פאַריז איז ס'ברויט לאַנג און שמאָל. אויף דער גאַנצער וועלט גייט ברויט אויפן פונט, אויפן קילאָ. און אין פאַריז גייט דאָך ס'ברויט אויפן מעטער. אַז איך עס אויף אַ ברייטל, דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב אַראָפּ־געשלונגען אַ שטעקן און איך טאָר זיך נישט איינבייגן... בכלל מוז איך אייך זאָגן, אַז איך לייד דאָ גרויסע צרות פונעם עסן. וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך קאָן נישט שלום־מאַכן מיט דער פראַנצויזישער קיך. אַז איר קומט אַריין אין אַ רעסטאָראַן, פאַשעט מען אייך מיט קעז און מיט גראָז. פאַר־שידענע מינים קעז, און דער קעז מוז דווקא זיין מיט ווערעם. אַזעלכע ווערעם און אַנדערע ווערעם. אויסלענדישע ווערעם און אינלענדישע ווע־רעם. און קוים עסט איר נישט אויף די ווערעם מיט די ביינדעלעך, — זענט איר נישט קיין אינטעליגענט. מען קוקט אויף אייך ווי אויף אַ גראָבן יונג...

אָבער גאָרנישט, מיט די ווערעם איז נאָך אַ האַלבע צרה; כ'בין שוין געווינט צ פירן אַ ווערעמדיק לעבן. אָבער דאָס גראָז, — דאָס גראָז לייגט מיך אינגאַנצן אַוועק. גראָז אַלס פאָרשפּייזע, גראָז אַלס צושפּייזע און גראָז אַלס נאָכשפּייזע. איך עס דאָך אויף אַ גאַנצע לאָנקע ביים מיטאָג, און אַז כ'גיי אַרויס פון רעסטאָראַן, ווייס איך נישט, צי כ'בין אַ מ ע נ ט ש צי כ'בין אַ ב ה מ ה . . .

גענואַלד, ווען פאַר איך שוין ווייטער?!

7

## און ניו־יאָרק מיינט איר איז אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט?

איר ווייסט, וואָס כ׳וועל זאָגן? — איך טו שלעכט. כ׳האָב אַריינגע־לייגט דעם גאַנצן חוש אין דרום־אַמעריקע און איך פאַרגעס דערווייל אין די פאַראייניקטע שטאַטן. גלויבט מיר, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זענען אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. ניו־יאָרק איז אַ שטעטל, מיט וועלכן מ׳קען זיך, אָסור, נישט פאַרשעמען; און פאַר מיר וואָלט ניו־יאָרק געווען ווי אָנגעמאָסטן.

ערשטנס — הויכע הייזער. איך ליד נישט צו וווינען פּאַרטער. אַזוי ווי איך קום נאָר אַריין קיין ניו־יאָרק, צי איך מיך גלייך אַריין אויפן דרייסיקסטן, אָדער אויפן פערציקסטן שטאָק. דערנאָך, אַז ס׳וועט מיר זיין גוט און איך וועל אַריין אין די פעדערן, וועל איך מיך ציען וואָס אַמאָל העכער. די ערשטע צייטן וועל איך וווינען ביי יענעם, דערנאָך וועל איך קומען צו אַן אייגענעם וואָלקנקראַצער, אַן אייגענער וואָלקנקראַצער איז זייער אַ נוצלעכע זאַך. בשעת אַן „אַקציע" קאָן מען אַלעמאָל געפינען אין אַ וואָלקנקראַצער עפּעס אַ ליטישן בונקער.

צווייטנס האָט ניו־יאָרק אַ מעלה, וואָס נאָך 5 יאָר זענט איר שוין אַ בירגער. די פינף יאָר לויפן שנעל דורך און איר קריגט אַרויס אַ פּאַס אַלס בירגער פון „די פאַראייניקטע שטאַטן". און אַז איר האָט אַזאַ פּאַס, רעדט איר גאָר אַנדערע ווערטער מיטן קאָנסול.

און דריטנס — אין ניו־יאָרק האָב איך אַן עין־הרע פֿאַמיליע. אַז איך וועל דאָרט ווױנען, וועט זײַן פֿאַר זײ בעסער און פֿאַר מיר בעסער. זײ וועלן נישט דאַרפֿן שיקן צו מיר קײן פּעקלעך, נישט קײן פּוילן און נישט אין די לאַגערן אין דײַטשלאַנד און נישט קײן פֿראַנקרײַך. וואָרום איך ווײס דאָך קײנמאָל נישט קײן אַדרעס; אַמאָל בין איך דאָ, און אַמאָל בין איך דאָרט. און אַז כ'וועל זײַן אין ניו־יאָרק, קען איך מיר אַלײן אײַנ־קאַסירן ס'פּעקל. איך דאַרף נישט קײן פּאָסט־מאַרקן, מיט פֿירמעס, וואָס טראַנספּאָרטירן די פּעקלעך. בטבע גײט יעדעס פּעקל אַדורך 97 הענט. מען קױפֿט, מען פּאַרפּאַקט, מען גיט אױף, מען טראַנספּאָרטירט, מ'נעמט אָפּ און מען גיט אַרױס. און אַלע דאַרפֿן דאָך לעבן, יאָ צי — נײן?... אָבער אַז איך בין אױפֿן אָרט, שפּאָר איך מיר טאַקע דאָס אַלץ אײַן, כ'בין אַלײן בײַם פּאַרפּאַקן; און איך קלױב מיר טאַקע אױס אַלץ, וואָס איך וויל. טאָמער וויל איך נישט קײן טײ, נאָר — קאַקאַאָ? אפשר וויל איך אָנשטאָט רײַז — לאָקשן? — וואָס איך וויל, הײס איך מיר פּאַרפּאַקן און כ'ווײס פֿון אַ לעבן!...

אָבער דער עיקר פֿון אַלעם איז גאָר עפּעס אַנדערש: אין ניו־יאָרק פֿאַרשטײט איר מיך האָב איך דעם דזשאָינט אױפֿן אָרט. דער דזשאָינט אין וואַרשע, אין פּראַג, אין מינכען, אין פּאַריז, — דאָס זענען אַלץ פֿי־ליעס. ס'איז אַלץ די צווײטע האַנט. דער פּאַמעראַנדזשער „דזשאָינט"־באַ־לעבאָס זיצט זיך דאָרט אין ניו־יאָרק און אַלע „דזשאָינטן" פֿון דער גאַנ־צער וועלט מוזן אים אָנפֿרעגן. טאָ וואָס דאַרף איך אָנקומען צו דער „צווייטער האַנט", אַז איך קען מיר גלײַך גײן צום קאָפּ, — צום הױפּט־אָפֿיס! אַז איך בין אין ניו־יאָרק, איז ווען איך וויל, גײ איך מיר אַרײַן אין „דזשאָינט" אײן מאָל אין טאָג, צוויי מאָל אין טאָג, דרײַ מאָל אין טאָג, — עס ווענדט זיך, ווען איך האָב אַ פֿרײַע מינוט.

אָט דאָס איז די מעלה פֿון ניו־יאָרק. ניו־יאָרק איז נישט עפּעס דאָרט אַ טשילע, אורוגוואַי, אָדער אַ סאַן דאָמינגאָ!...

וועל איך מיר טאַקע מאָרגן אַרײַנגײן צום אַמעריקאַנער קאָנסול און אַלץ צעלײגן אױף טעלערלעך. אמת, ער איז טאַקע אַ קאָנסול, נו, איז וואָס־זשע? ער קען האָבן אַ האַרץ? כ'וועל אים אױפֿקלערן, אַז כ'בין אײַנ־זאַם, מיד און צעבראָכן. איך האָב און פֿאַר און — איך פֿאַר אין ערגעץ

נישט! זאָל ער מיך אַריינלאָזן קיין ניו־יאָרק. עס זענען פאַראַן אין ניו־יאָרק אַזויפיל מענטשן, וועט זיין נאָך איינער. עס וועט זיך נישט אָנזען. וויפל וועג איך דען מישטיינס געזאָגט?

אָבער וואָס קומט אַרויס? — כ׳האָב מורא, אַז ער וועט נישט וועלן מיט מיר רעדן. און אויב ער וועט שוין יאָ וועלן רעדן, — וועט ער פאַרלאַנגען אַן אַפידייוויט. אייגנטלעך האָב איך דאָך ביי זיך אַן אַפידייוויט, נישט איינעם, נאָר — עטלעכע. כ׳האָב אַן אַפידייוויט פון מיין שוואָגערס ברודער אין לאָס אַנזשעלאָס, כ׳האָב אַ פעטער אין פילאַדעלפיע, און — כ׳האָב — פון אַ וויטן קרוב אין בערלין. אַלע שרייבן מיר צוויי מאָל אין דער וואָך בריוו, אַז מען וועט מיר שיקן. איך האָב שוין יעדן איינעם צו פינף מאָל אויפגעגעבן די פערסאָנאַליען מיינע, כ׳האַלט אין איין שרייבן ווי איך הייס, און ווען איך בין געבוירן געוואָרן. זעט נאָר דאָס גליק, וואָס האָט מיך געטראָפן, אַז כ׳בין געבוירן געוואָרן!... אָבער אַז איך זאָל שוין האָבן אין קעשענע שוואַרץ אויף ווייס אַן אַפידייוויט, — דאָס נישט, מען שיקט און מען שיקט, און מער ווי בריוו, האָב איך דערוויילן נישט.

און אַ קאָנסול דאַרף נישט קיין בריוו. ער דאַרף אַן אַפידייוויט מיט אַ שטעמפל, מיט האַק און פאַק. אַן אַפידייוויט רעגיסטרירט ער; און אַ בריוו, מעג ער זיין אַפילו דער וואַרעמסטער, קען ער נישט רעגיסטרירן. און ער איז גערעכט אויך. וואָס זאָל איך אים ווייזן אַ בריוו, אַז מען שיקט מיר, און מען גריסט מיך און מען קושט מיך טויזנט מאָל? — אַ קאָנסול האָט ליבער איין אַפידייוויט איידער — טויזנט קושן! און איך אַליין, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, האָב עס אויך ליבער...

און ווידער צוריקגעשמועסט, לאָמיר אָננעמען, אַז שוין, — כ׳האָב אַן אַפידייוויט. און כ׳האָב אים רעגיסטרירט. און וואָס ווייטער?... מיט אַ בלויזער רעגיסטראַציע קען מען נאָך נישט פאָרן! צום פאָרן דאַרף מען אַ שיפסקאַרטע, צו אַ שיפסקאַרטע דאַרף מען אַ וויזע, צו אַ וויזע דאַרף מען אַ דערלויבעניש, און קיין דערלויבעניש גיט נישט דער קאָנסול. העכסטנס, קען ער אייך געבן אַ נומער. שוין ווידער אַ נומער. אַ גאַנץ לעבן פטר איך אָפּ מיט נומערן. אין אוישוויץ — אַ נומער, אין טערעזיענשטאַט — אַ נומער, און איצט פון קאָנסול — ווידער אַ נומער!...

און די קאָנסול-נומערלעך האָבן אַן אייזערנעם געדולד. זיי שטייען

אויף אַן אָרט און רירן זיך נישט... בפרט נאָך, — אַז כ'בין אַ פּוילישער ייד. ווען איך בין אַ דייטשישער ייד, וואָלט עס געגאַנגען שנעלער. הערט נאָר אַן אויפּטו. אַז איך בין געבוירן אין גאַרוואָלין, טויג נישט פאַר די נו־מערלעך', און ווען כ'וואָלט געבוירן געוואָרן אין נירנבערג, — וואָלט איך געוועזן שמייליק. מוחל די טובות! ערשטנס, איז ביי מיר איין גאַרוואָ־לינדל חשובער ווי צוואַנציק נירנבערגס, און צווייטנס, גיי מאַך עס אי־בער, אַז עס איז שוין אַ מעשה פון פערציק יאָר!

און דערווייל, — דערווייל איז פּאַסקודנע!

8

# וואָס וועט זיין דער סוף?

גוואַלד, וואָס וועט זיין דער סוף?

די קאָנסולן פירן מיך אַרויס פון די כלים. מען שפּילט זיך מיט מיר ווי קאַץ און מויז. קום מאָרגן, קום איבערמאָרגן און עס נעמט נישט קיין עק, דער קאַלענדאַר רוקט זיך דערווייל, מען ווערט נישט יינגער, נאָר — עלטער. כ'האָב שוין היינט געפונען אין מיין בערדל דריי גרויע האָר. איך יויים אַפילו פון וועמען עס שטאַמט: פון בראַזיליאַנישן קאָנסול, פון קובאַנישן און פון טשילענער קאָנסול.

ס'וועט אַדורך אַ קורצע צייט, וועט מען מיר ס'גאַנצע בערדל גרוי מאַכן. וואָרום קיין קאָנסולן פעלן מיר נישט, ברוך־השם. נאָר איין זאַך פריי איך מיך: כ'האָב נישט אַזויפיל האָר אין מיין בערדל, וויפל קאָנסולן איך האָב, אין אַלע קאָנסולאַטן בין איך אויסגעקאַכט, אַ בן-בית, אַז אייגענער מענטש, און — עס העלפט אַלץ נישט. ס'הייסט, די קאָנסולן גופא, קען איך נישט פערזענלעך. די קאָנסולן זענען ערגעץ פאַרשטעקט אין באַזונדערע שטובן, און זיי טראַכטן אַריין, וואָס פאַר אַ נייעם תירוץ אויסגעפינען יעדן טאָג פאַר מנחם מענדלען.

איך זע בלויז די טיר־היטער, די וואַזשנים, די לאַקייען. מיט זיי בין איך קנעפּל שבקנעפּל. און פאַרוואָס נישט? ווייניק פּאַפּיראָסן האָבן זיי מיך שוין אָפּגעקאָסט? זיי שטעלן דאָך מיך בדלות! כ'האָב שוין אַפילו באַשלאָסן זיך אָפּצוגעוווינען פון רויכערן — העלפט עס אויך נישט. איך האָב מיך, וואָס אַן אמת, טאַקע אָפּגעוווינט, אָבער זיי — זיי ווילן זיך נישט אָפּגעוווינען און סוף־כל־סוף זענען די פּאַפּיראָסן אַרויסגעוואָרפן. ס'ברענגט מיר גאָרנישט. וואָס קאָן איך אַ לאַקיי פון אַ קאָנסול אויפטאָן?

— גאָרנישט! ער דאַרף גיכער אַליין אַ וויזע! נעכטן האָט אַ וואָזשני פון אַ קאָנסולאַט, נעהאַט צו מיר אַ טענה, באשר בכן, די יידן נעמען צו אַלע וויזעס; און ער האָט מיך געפרעגט, אפשר ווייס איך עפּעס אַ וועג ווי אַזוי צו באַקומען פאַר אים אַ וויזע.

און איך מוז מודה זיין, אַז זיינע ווערטער האָבן מיך גאָר צעדרייט. איך בין אַריינגעפאַלן אין טרויעריקע מחשבות, איך האָב מיר געטראַכט אַזוי: מה-דאָך, אַז אַ מענטש ווי דער וואָזשני, וועלכער שטייט אַזוי נאָענט צום קאָנסול און וווינט אַ גאַנצן טאָג מיט אים צוזאַמען אין איין דירה און הערנדיק בלויז אַ קלונג פון גלעקל, איז שוין גענוג צו שטיין אויג אויף אויג מיטן קאָנסול, — אויב אַזאַ מענטש קען נישט קריגן קיין וויזע, ווי אַזוי וועל איך זי יאָ באַקומען?... איך בין דאָ אַ ווילד-פרעמדער ייד, מיך רופט דאָך נישט דער קאָנסול דורכן גלעקל, און איך וווין דאָ נישט מיטן קאָנסול אין איין דירה. כ'מיין אין אַ האָטעל וווין איך דאָך!

און אַז מ'הייבט אָן אַזוי אַריינצוטראַכטן, — ווערט אַביסל זויער און ביטער אויף דער נשמה. ווי לאַנג טאַקע איז דער שיעור צו לויפן און צו קלאַפּן אין די טירן פון די קאָנסולאַטן? איך קאָן דאָך שוין אַלע געזעצן און אַלע מנהגים פון יעדן קאָנסולאַט באַזונדער. וועגן אַ וויזע קיין בראַזיל דאַרף מען רעדן נאָר מיט גוטן. וועגן אַ וויזע קיין קובאַ דאַרף מען רעדן מיט בייזן און האַלטן זיך פעסט. קיין עקוואַדאָר — דאַרף מען רעדן אַביסל מיט בייזן. קיין סאַן דאָמינגאָ — שטייף, קיין טשילע קען מען אַפילו געבן אַ זעץ אין טיש אויך. אָבער וואָס קומט פון דעם אַלעמען אַרויס? — אַז אויסגעבלאָזן איי! ווייך, שטייף, מיט גוטן, מיט בייזן, שטיל, הויך — עס העלפט נישט. איר — רעדט, און די וויזע בלייבט ביים קאָנסול. ס'איז שוין אַזוי דער סדר פון דער וועלט, אַז אַ קאָנסול מוז זיין אַן אכזר און אַ טויבער. וואָס טויבער דער קאָנסול איז — אַלץ בעסער איז פאַר דער מדינה, פון וואַנען ער קומט. אויב ער איז טויב אויף איין אויער, האָט ער אַ קלענערן געהאַלט; טויב אויף ביידע אויערן — באַקומט ער אַלע געלטער.

אָבער אַמשווערסטן גייט אייך ביים אַמעריקאַנער קאָנסול. ביי אים העלפן נישט קיין שום קונצן. איר קענט אייך שטעלן אויפן קאָפּ, און ער האָט איין וואָרט: „קוואָטע". איין וואָרט, אָבער — אַ גוטס! ס'איז זייער

א לייכטער פּאָסטן און מען צאָלט דערפאַר מיט עפעקטיווע דאָלאַרן.

און אַזוי, טאָג־איין, טאָג־אויס, קאָנסולאַטן מיט קאָנסולן, מיט ווי־זעס. און נישט נאָר בייטאָג פאר איך, אפילו ביינאַכט פאַר איך, כ׳בין אַן עמיגראַנט וואָס רוט נישט. עמיגראַציע־חלומות מאַטערן מיך און לאָזן מיך נישט שלאָפן. איין נאַכט זע איך אין חלום א סטעמפּעלע. דער אַד־נעטינער קאָנסול האָט שוין געהאַט איינגעהויכט א סטעמפּעלע און אָט־אָט געזאָלט עס לייגן אויפן פּאַס, — בין איך דאָך אָבער א שלימזל, האָט מען גראָד דעמאָלט געקלאַפּט אין טיר און כ׳האָב מיך אויפגעכאַפּט. אַזאַ האָטעל האָב איך! ווען איך בין צוריק איינגעשלאָפן, איז שוין דער קאָנסול נישט געווען. מסתמא שוין אין בוענאָס איירעס ערגעץ.

א צווייטע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז די לענדער שלאָגן זיך צוליב מיר. טשילע, פּאַראַגוואַי און אורוגוואַי. ווען איך האָב געזען, אַז עס ווערט ערנסט און זיי מיינען נישט קיין שפּאַס, האָב איך געמוזט צו־זאָגן, אַז כ׳וועל צו אַלע דריי קומען, און כ׳וועל ביי יעדן זיין א פּאָר יאָר, לויטן אַלף־בית. צוערשט אורוגוואַי, דערנאָך טשילע און דאַן ערשט אין פּאַראַגוואַי. וואָס בין איך שולדיק, אַז פּאַראַגוואַי הייבט זיך אָן מיט א „פּע“?

צומאָרגנס בין איך געגאַנגען אין אַלע דריי קאָנסולאַטן, האָט מיך קיין איינער פון זיי נישט דערקענט. נו, גיי, האָב צוטרוי צו א קאָנסול!

און היינטיקע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט גאָר א גוטער חלום, שטעלט אייך פאָר, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי, אַז דער אַמעריקאַנער קאָנסול האָט מיר געבראַכט א בשורה, אַז די קוואָטע איז פאַר־לייכטערט געוואָרן און כ׳קען קומען נאָך א וויזע: מילא, וואָס ס׳האָט זיך געטאָן ביי דער טיר אין קאָנסולאַט, איז לייכט זיך פאָרצושטעלן. אָבער מען האָט כסדר אַריינגעלאָזט צום קאָנסול. מיך — אויך. און ווען איך בין שוין געווען אינעווייניק, האָט דער קאָנסול א געשריי געטאָן: „סטאָפּ“! קיינער נישט מער „די קוואָטע איז ווידער געשלאָסן!...“

מילא, איך בין דאָך שוין אינעווייניק, אָבער עס איז מיר א רחמנות אויפן עמיגראַנט, וואָס איז געבליבן שטיין הינטער מיר. אים וועט שוין נעבעך. אויסקומען צו וואַרטן!...

# אינהאלט

זייט

## 2.—היטלער־נאָכוויי־ענישן

זייט



## 3.—נחת פון דער וועלט



## 4.—אַמאָל איז געווען



## 5.—פריילעכער רעפּערטואַר און טרויעריקע רעצענזיעס

## 6.—מנחם מענדל עמיגראַנט

פרעסע-שטימען וועגן

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן
אין ארגענטינע
רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

**דניאל טשאַרני** שרייבט וועגן ישראל טאַבאַקבלאַטס בוך „חורבן לאָדזש" („דער טאָג", ניו־יאָרק, 10טער נאָוועמבער 1946):

ס'איז צו אונדז אָקאָרשט דער־גאַנגען דאָס ערשטע בוך וועגן די זעקס יאָר נאַצי-גיהנום אין לאָדזש. מיר האָבן זיך שוין גענוג אָנגעלייענט וועגן דעם נאַצי־גיהנום אין וואַרשע און אין ווילנע, אין קאָוונע און אין ריגע, אין טרעבלינקע און מיידאַנעק, אָבער וועגן חורבן לאָדזש האָבן מיר נאָך ביז איצט זייער ווייניק געהערט. די טראַגעדיע פון לאָדזש איז באַ־שטאַנען אין דעם, וואָס די נאַצים האָבן די דאָזיקע שטאָט, אונטערן נאָ־מען „ליצמאַנשטאַט", באַלד איינגע־גלידערט אין דעם „דריטן רייך", און אַזוי אַרום איז לאָדזש געוואָרן הער־מעטיש אָפּגעשלאָסן פון דער דרויסנ־דיקער וועלט.

ערשט איצט האָט דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַר־געניטינע באַקומען די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן אַ בוך וועגן „חורבן לאָדזש", אין וועלכן ס'ווערט מיט אַלע איינצלהייטן פונאַנדערגעוויקלט די גאַנצע טראַגעדיע פון דעם צווייט־גרעסטן יידישן קיבוץ אין פּוילן.

אין דעם פאָרוואָרט צום בוך שרייבט די רעדאַקציע, אַז „חורבן לאָדזש" איז אַ שרעקלעך בוך, אָבער




אַ נויטווענדיק בוך, וואָס מאַכט קלאָר פאַר אונדז אַליין די לאַגע, אין וועל־כער די יידישע מאַסן אין לאָדזש האָ־בן געלעבט אונטער טאָפּלטן טעראָר פון די נאַצים און פון די יידישע פאַר־רעטער".

פון דעם בוך דערוויסן מיר זיך אַלע איינצלהייטן, ווי אַזוי די נאַצים האָבן אָפּגעגעבן, קען מען זאָגן, „אין

אַרענדע" די לאָדזשער געטאָ צו דעם האַלב־צעדרייטן יידן חיים מרדכי רומקאָווסקי, וואָס האָט זיך ווירקלעך אויפגעפירט ווי דער אַליינהערשער („סאַמאָדערזשעץ") פון דער לאָדזשער געטאָ.

אין די איבער פופציק פאָטאָגראַפיעס און פאָטאָסטאַטן פון וויכטיקע בילדער און דאָקומענטן פונעם לאָדזשער געטאָ, געפינען מיר אויך די פאָסט־מאַרקעס פון דער יידישער געטאָ־פאָסט מיט די בילדער פון רומקאָווסקין, ווי ער וואָלט ווירקלעך געווען דער יידישער צאַר אָדער קעניג פון לאָדזש און אומגעגנט.

ס'איז אויך דערשינען אין לאָדזשער געטאָ אַ יידיש־דייטשער וואָכן־קאַלענדאַר. לייענען מיר אויף דעם בלעטל פון י"ד — כ' אדר ב' תש"ג (21 - 27 מערץ 1943), די איינציקע וויכטיקע געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט אין דער יידישער געשיכטע אינעם טאָג פון פורים, און נעמלעך: אין דעם דאָזיקן טאָג איז געבוירן געוואָרן דער פּרעזעס חיים מרדכי רומקאָווסקי...

אויך פאַר די נאַצים איז פורים געווען אַ וויכטיקע דאַטע. זיי האָבן געמוזט נקמה נעמען פאַר המנען מיט זיינע צען בנים. זאָל שטרייכער, דער המן נומער 2, הנאה האָבן, וואָס מען וועט גראָד אום פורים אויפהענגען אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן צו צען יידן.

„מען האָט געדאַרפט צווואַרפן שטרייכערן פאַר זיין „שטירמער" שפּייז פאַר זיינע חיות — **ווערט** דערציילט אין בוך — האָט מען זיך דערמאָנט אָן דער מגילה און באַפוילן נקמה צו נעמען אין די יידן פאַר המנס תליה. אויך די לאָדזשער געטאָ האָט געמוזט צושטעלן צען יידן פאַר דעם פורימדיקן תליה „ספּעקטאַקל".

אַט ווערט געשילדערט אין בוך דער תליה־קאַרנאַוואַל אין זדונסקאַ וואָליאַ ביי לאָדזש:

„די גאַנצע מאַסע (ד. ה. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג) איז אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ האַלבקרייז אַרום דער תליה, וועלכע איז באַוואַכט געוואָרן פון זשאַנדאַרמען, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט, אָפּגערוקט איינער פון צווייטן לערך פיר־פינף מעטער, מיטן פּנים צו דער מאַסע. דאַקעגן פון דער אַנדערער זייט (תליה) זענען געקומען ספּעציעל צום „יום־טוב" אַלערליי געסט אין פאַרשידענע אוניפאָרמען, ווי לאַגער־פירער, איינזאַץ־פירער און אויך פאַרשטייער פון די אַרומיקע פונקטן און „חשובע" באַלעבאַטים פון שטאָט אין גאַלאַ־אַנצוגן, ווי אויך אַ גרויסע מאַסע נאַצישע אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער. אַלץ אוניפאָרמירט, מיט פרייע, מוטיקע בליקן און שפּאָטישע מינעס. מיר (יידן) אַ שוואַרצער פלעק אויפן פאָן פון אַ העלן מערץ־טאָג, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרשטומטע בליקן, קוקן סתם אין דער וועלט אַריין. אַלע ווייסן, אַז עס איז אַ לעבעדיקער אמת, דאָך פילן מיר, ווי מיר וואָלטן געחלומט. אַ שווערער קאָשמאַר־חלום."

„עס דערנענטערט זיך די שעה פון דער עקזעקוציע. און ווירקלעך: צען מינוט צו צוועלף איז אָנגעקומען אַ לאַסט־אויטאָ, פון וועלכן עס זענען אַרויסגעשטיגן די צען יידן און די יידישע פּאָליציי האָט זיי מיט שנעלע טריט צוגעפירט צו דער תליה. יעדן געהאַנגענעם האָט באַדינט איין פּאָליציאַנט, וואָס האָט אויפן פאַרלאַנג פון דעם פאַרמשפּטן פעסטער




צוגעצויגן די פּעטליע. די נערוועזי־טעט שטייגט. טרערן שטעלן זיך יע־דערן אין די אויגן. שטילע זיפצן. די אָנפירער פון א יידישן קאָמיטעט גייען ארום און אין דער שטיל רופן זיי צו אָרדענונג, צו רו. אפילו די זשאַנדאַרמען גייען אין דער מאַסע און הייסן נישט וויינען איצט. „צו הויזע וועט איר וויינען", „שפּעטער", און גיבן מיט א ווונק אויף די „אוני־פאָרמירטע" צו פאַרשטיין די פאָלגן, ווייזן אָן מיט די בליקן אויף די מאַ־שין־געווער, וועלכע וואַרטן אויף א געלעגנהייט צו מאַכן אָרדענונג. אָט איז שוין אַלץ פאַרטיק. די יידן שטייען אויף די טרעפּ פון דער תליה מיט די פּעטליעס אויף די העלדזער. א טויטע שטילקייט האָט באַהערשט דעם טויזנט־קעפּיקן עולם — אפילו די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן נישט גע־האַט די זכיה איינגעלאַדן צו ווער אָפיציעל צו דער צערעמאָניע, זענען געשטאַנען אַרום אויף די דעכער, אויף די פּלויטן און ביימער, די גאַנצע צייט געטומלט און אַרויסגעוויזן א געוויסן שאָדן-פרייד אויף אונדזער חורבן — האָבן אין דעם מאָמענט אויך איינגעהאַלטן דעם אָטעם און מיטגעפיבערט.

„פון דער תליה־טריבינע האָבן זיך באַלד דערהערט אויסרופן פון די קדושים: „איך נעם אָן פאַר ליב מיין טויט, איך ווינטש זיך צו זיין דער לעצטער קרבן פאַר דער שטאָט!"

„א צווייטער: „איך לאָז איבער א פרוי מיט פיר קינדער; פאַרנעמט זיך מיט זיי — זיי זאָלן נישט שטאַרבן פון הונגער!" איינער, א יונגער, האָט אויסגערופן: „אברהם, אויב דו וועסט לעבן — זאָלסטו נקמה נעמען!"

„אין לעצטן מאָמענט האָבן אַלע קדושים אין איין קול אויסגעשריגן: „שמע ישראל", אָבער דעם „אחד" האָבן זיי שוין נישט באַוויזן אויסצו־שרייען, ווייל אין צווישן האָט מען אוועקגעצויגן די טרעפּ פון אונטער זייערע פיס און א שווערער געפּרעס־טער זיפץ האָט אָפּגעהילכט אין דער טויט־שטילקייט, אַרויסגעריסן פון דעם האַרץ פון דעם טויזנט־קעפּיקן עולם.

„די געהאַנגענע האָט מען געלאָזט הענגען ביז פינף אזייגער פאַרנאַכט. עס זענען אויפגעמאַכט געוואָרן די טויערן פון געטאָ און די דייטשע און פּוילישע באַפעלקערונג איז געקומען אָנקוקן די „פאַרברעכער"...

שטרייכערס „שטירמער" האָט נאָך די דאָזיקע פּורים־„ספּעקטאַקלען" אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן אויפגעלעבט. ער האָט באַקומען שטאָף פאַר א נייער סעריע העץ-אַר־טיקלען מיט אילוסטראַציעס, מאָנ־טירט לויט זיין אייגענעם געשמאַק און באַדאַרף.

נאָך שרעקלעכער זענען די שילדע־רונגען וועגן דעם יידישן אומקום אין

אָשוויענטשים און אין די אַנדערע „קאַצעטן", וווהין די לאָדזשער ייִדן זענען פאַרטריבן געוואָרן צו טאָטאַלער אויסראָטונג.

שרעקלעכער שוין דערפאַר אַליין, וואָס דאָרטן איז יעדן טאָג פון יאָר פאָרגעקומען אַזאַ מין „פּורים־ספּעקטאַקל", ווי ס'איז אויבן באַשריבן געוואָרן.

„אין די קאַצעטן איז געווען אַ מנהג — לייענען מיר ווייטער — אַז פאַר דער מינדסטער פאַרזינדיקונג ביי דער אַרבעט איז געקומען אַ מעלדונג אין לאַגער אַריין און דאָרטן האָט שוין דעם שולדיקן אָפּגעוואַרט אַ פּסק פון 25 ביז 50 שמיץ. אין אָנהויב האָט עס געמאַכט אויף אונדז אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. דערוואַקסענע מענטשן זאָלן ווערן עפנטלעך געשמיסן! מיט דער צייט אָבער, אַז דאָס איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג — האָט עס שוין אויפגעהערט צו ווירקן. מען האָט זיך דערצו צוגעוווינט, ווי מען האָט זיך צוגעוווינט צו אַ סך ערגערע זאַכן אין לאַגער."

„אַ ווייטיק איז נאָר געווען — לייענען מיר ווייטער — וואָס די עקזעקוציעס זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך אייגענע „העפטלינגע", וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן פאַר עלטסטע פון פאַרשידענע ראַנגען און מיטלען. דאָס איז אַ טרויעריק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע אין היטלער־דייטשלאַנד. מיר זענען אָפּטמאָל געפּייניקט געוואָרן פון אייגענע ברידער, פונקט ווי פון פרעמדע מושלים. די דאָזיקע חברה־לייט האָבן זיך באַמיט איבערצושטייגן זיך אַליין. נישט נאָר וואָס זיי האָבן אויסגעפירט די אָפיציעלע עקזעקוציעס, נאָר טאָג און נאַכט געפּייניקט און געשלאָגן מערדערלעך אייגענע ברידער ביז בלוט, ביז צום פולשטענדיקן צוזאַמענברעכן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט אַזאַ פלייס, כדי חלילה נישט צו פאַרלירן דעם חן אין די אויגן פון די לאַגער־פירער, כדי נישט צו פאַרלירן די גוטע מאכלים, וואָס מען האָט געהאַט פאַר אַזאַ „דעליקאַטער" אַרבעט. נאָך טרויעריקער איז דער פאַל, וואָס צווישן די דאָזיקע „שיינע לייט" האָבן זיך אויך געפונען אינטעליגענטע מענטשן, מאַנכע אַפילו מיט העכערער בילדונג, ווי דאָקטוירים, אינזשעניערן א. ד. גל. אָט די דאָזיקע לייט האָבן זיך אין זייער נייער פּראָפעסיע מיט גאָרנישט געהאַט צו שעמען קעגן זייערע קאָלעגן פון דער אונטערוועלט, נישט אָפּגעשטאַנען פון זיי אויף אַ האָר און כשר פאַרדינט דעם פּאָפּולערן נאָמען פון לאַגער־מערדער. ווייזט אויס, אַז די לאַגער־אַטמאָספער איז זייער אַנשטעקנדיק און מענטשן מיט שוואַכע כאַראַקטערן פּאַסן זיך זייער שנעל צו צו די נייע באַדינגונגען. קיין שום אויסנאַם איז נישט געווען. אין אַלע — די זעלבע בילדער און די זעלבע פּראַקטיק".

איבערלייענענדיק די אַלע 200 זייטן פון ישראל טאַבאַקסבלאַטס בוך „חורבן לאָדזש" מוז מען מסכים זיין מיט דער באַהויפּטונג פון דער רעדאַקציע, אַז —

„די באַדייטונג פון דעם דאָזיקן בוך באַשטייט קודם כל דערין, וואָס דער מחבר האָט זיך נישט באַגרעניצט בלויז צו דער שילדערונג פון די איבערלעבונגען, וואָס ער צוזאַמען מיט אַלע לאָדזשער ייִדן האָט דורכגעמאַכט אין משך פון די זעקס פינצטערע יאָרן גיהנום־לעבן. דאָס




בוך אנטהאלט א גענויען אנאליז פון די געשעעניש, געשטיצט אויף פאקטן, עפיזאדן און דאקומענטן, וואס אילוסטרירן און באגרינדן די ארויסגעזאגטע באהויפטונגען".

ווי עס ווערט ווייטער דערציילט אין דעם אריינפיר, האט ישראל טאבאקסבלאט אנגעהויבן זיין בוך „חורבן לאדזש" נאך אין דער געטא גופא, אין די חדשים מאי־יוני 1944, א קורצע צייט איידער די געטא איז ליקווידירט געווארן. דעם סוף פון בוך האט דער מחבר געשריבן אין שפיטאל, שוין נאך דער באפרייאונג. דעריבער קומען אוים נעוויסע עפיזאדן אין טאבאקסבלאטס בוך אזוי בוילעט און אזוי טראגיש.

און דער אמת פון אונדזער חורבן איז נאך טאקע געווען פיל שרעקלעכער ווי מיר קענען זיך פארשטעלן.

יעדער איינער פון אונדז, וואס וועט איבערלייענען דעם „חורבן לאדזש" וועט מוזן מסכים זיין מיטן מחבר, וועלכער געפינט זיך נאך אגב, עד היום אין לאדזש, אז העלדן זענען נישט נאר די וואס האבן מיט געווער אין האנט זיך קעגנגעשטעלט, העלדן זענען אויך די אלע פשוטע וואכעדיקע יידן, וועלכע האבן מיט א גוואלדיקן ביטול אלע צרות און פיין איבערגעטראגן און נישט געוואלט שטארבן, גייסטיק זיך נישט אונטערגעגעבן, פסיכיש נישט צוזאמענגעבראכן, אזוי לאנג אלץ איבערטראגן און אויסהאלטן ביז זיי זענען פיזיש צוליב הונגער און קראנקייטן געפאלן."

ישראל טאבאקסבלאט זעט אוים צו זיין איינער פון די דאזיקע העלדן, וואס איז על פי נס ניצול געווארן פון אומקום און ער פארדינט אונדזער טיפסטן דאנק פאר זיין בוך, וואס איז דערוויל דאס ערשטע דאקומענטאלע ווערק וועגן חורבן לאדזש.

א ספעציעלן דאנק פארדינט אויך דער צענטראל־פארבאנד פון די פוילישע יידן אין ארגענטינע, וועלכער האט שוין ביז איצט ארויסגעגעבן אונטער דער רעדאקציע פון מארק טורקאוו, א רייע זייער וויכטיקע ביכער צו דער געשיכטע פון אונדזער גרויסן חורבן אין פוילן.

**שמואל ראָזשאַנסקי** שרייבט וועגן אלחנן צייטלינס „אין א ליטעראַרישער שטוב" פּאַלגנדיקן אַרטיקל א. נ. „ביי דער מזרח־וואַנט פון א דור" („די אידישע צייטונג", ב. איירעס, 29סטער נאָוועמבער 1946):

אַז מ'לייענט אלחנן צייטלינס „אין א ליטעראַרישער שטוב", האָט מען דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט צוגעגאַנגען צו דער מזרח־וואַנט פון א דור, וואָס איז פאַרהייליקט אין אונזער זכרון. די בלעטער, וועלכע זענען צום ערשטן מאָל דערשינען אין בוך־פאָרם נאָך פאַר דער מלחמה — די זכרונות אין 1937 און די לידער אין 1931, ביידע אין וואַרשע — פונדעסטוועגן ווירקן זיי איצטער, פּונקט ווי זיי וואָלטן אָקאָרשט אָנגעשריבן געוואָרן. אויב מ'ווייסט נישט, אַז זיי זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן מיט יאָרן פריער, קען מען אַפילו מיינען, אַז מען האָט די בלעטער אויפגעזוכט אונטערן ברוכוואַרג פון וואַרשעווער געטאָ... וואָרום צו־מאָל צווישן די פריידיקע און רואיקע שורות פון אלחנן צייטלינס לידער, ווו דער דיכטער זינגט „איך וועל מיר אַרויס איבער זילבערנע גאַסן צו זון און צו ברידער, צו ברידער וואָס שפּאַנען מיט ליכט איבער קאָפּ און מיט פלאַקער אין אויגן", זענען דאָ פערזן, וועלכע קענען אויסגעקריצט ווערן אויף די מצבות פון אַלע מאַסן־קברים, אויף דער ערד פון די געוועזענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַז־קאַמערן, דאָס אייביקע קול פון דעם אייביקן יידן:

„אין פינפהונדערט. אין טויזנט יאר<br>ארום —<br>**וועל איך דא ווידער קומען.**<br>דורך פארמעטענע ליפּן וועל איך ווידער<br>אָפּגעהאַקט און טעמפּ<br>אַרויכוואַרפן פון קעל אַן אַלטן, שטיקנ־<br>דיקן ווידוי...

אין פינפהונדערט, אין טויזנט יאר<br>ארום —<br>**וועל איך דא ווידער קומען!"**

(זייט 212)

אלחנן צייטלין איז מער ווי אַלץ געווען א זשורנאַליסט. לידער זענען פאַר אים געווען זעלטענע יום־טוב־דיקע עקסקורסיעס. די קבלה־שטימונגען און משיחישע בענקשאַפטן, וועלכע זענען די תוך־שטימונגען פון זיין ברודער אהרן צייטלין, זענען פרעמד געווען אלחננען. פונדעסטוועגן, כאָטש ער איז געווען באַהערשט פון טאָג, האָט ער — נאָך אין 1931, ווען עס איז נישט געווען פאָראויסצוזען אזא שרעקלעכע איבערוואַנדלונג אין די נאָענטסטע יאָרן — פאָראויסגעזאָגט, אַז אַפילו „אין פינפהונדערט, אין טויזנט יאָר אַרום וועל איך דאָ ווידער קומען"... און עס קלינגען היינט סימבאָליש און נביאיש די שורות:

„איך וועל נישט אָוועקגייען פון דאַנען,<br>איך וועל פון אָרט נישט אַ ריר־טאָן<br>ביז כ'וועל נישט דערבליקן די פינגער,<br>וואָס שטריקן די נעצן פון נאַכט"...

(זייט 208)

דאָס איז די סימבאָלישקייט, וואָס באַגלייט דעם יידישן וואָרט אויף אַלע זיינע וועגן, אין פריידן, ווי אין ליידן. די סימבאָלישקייט און נביאישקייט, וואָס באַפליגלט יעדן יידישן זינגער און זאָגער, וועלכער שטרעקט זיך צום זכות און צו דער זכיה פון אונדזער מזרח־וואַנט. ווו איז זי, די מזרח־וואַנט? אומעטום ווו עס איז דאָ יידיש לעבן, וואָס איז באַשענקט און באַשיינט מיט האָפענונג און מיט בענקשאַפט צו איינע־



נעם און צו נאציאנאלער זעלבסטשטענדיקייט. אזא שיין און אזא שיינקייט באזעלט די בילדער, באגעגענישן און עפּיזאָדן, וואס אלחנן צייטלין האט צונויפגעשנירלט, „אין א ליטעראַרישער שטוב".

היינט, אז מען לייענט די לייכטגעשריבענע עפּיזאָדן „אין א ליטעראַרישער שטוב", זעט מען אין די בילדער און באגעגענישן אין דער סביבה פו הלל צייטלין א סך מער ווי אינטערעסאנטע מאמענטן און כאַראַקטערס, וואס א באגאבטער שריפטשטעלער האט פיין געשילדערט. דורך הלל צייטלינס שטוב זעען מיר — דאס פוילישע יידנטום רעפּרעזענטירט דורך זיינע שרייבער און אינטעליגענץ, און באגלייט מען הלל צייטלינען אויף די וועגן, אויף וועלכע זיין יונגינקער זון אלחנן האט אים באגלייט, ווייסט מען נישט,, צי דער אנאנימער יידישער עולם אין ווארשע האט פארדינט ווייניקער התפּעלות ווי זיינע ווארטזאגער און מדריכים... ווו געפינט מען היינט אזא עולם? הלל צייטלין האט טאקע געהאט א וואונדערלעכן צויבער. גענוג געווען א קוק צו טאן אויף אים, אז עס זאל א פרעמדן ארומכאפּן א ציטער. איינער פון א רייע בילדער אין דעם בוך (דער זיידע מיטן אייניקל) איז אן אומפארגלייכלעכער עדות: א נביאיש געשטאלט, וואס פארכישופט — דער צדיק פאר וועלטלעכע יידן און דער וועלטלעכער ייד פאר יראי שמימניקעס... ווו ער איז געגאנגען, האבן אים חסידים־לייענער ארומגערינגלט. אפילו קעגנער און בייזע אפּיקורסים האבן געווארימט א טיפן דרך־ארץ און געשפּרייט ארום אים שפּאנונג. הלל צייטלין איז נישט געווען דער אייגציקער, צו וועמען דער עולם האט ארויסגעוויזן אזא רירנדיקע ליבשאפט, ארום הויז, אין גאס, אויף פארזאמלונגען, וואס אלחנן צייטלין שילדערט. כאראקטעריסטיש, ווי עס ווערט געשילדערט אין בוך שלום עליכמס אוועקפאָרן פון ספּעקטאָרס דאטשע אין יוזעפאוו: „די יונגעלייט האבן זיך נאך אלץ געדרייט אין דער ווילע, ארום דער וועראנדע, געווארט ביז ש"ע וועט אראפּגיין און זיי וועלן אים קענען נאכאמאל אנקוקן ז' 159). דאס איז די באגייסטערונג נישט בלויז צו איינעם פון די גרעסטע יידישע שרייבער — דאס איז די התפעלות פון א דור יידן, פון א דור וואס איז געווען און פון וועלכן עס זענען היינט קוים פארבליבן נישט מער ווי קליינע רעשטלעך...

די בילדער, באגעגענישן און עפּיזאָדן פון הלל צייטלינס סביבה זענען איצטער אויס אין אונדזערע אויגן

ווי א יזכור-פילם, לזכרון דער יידישער און העברעאישער גייסטיקער ווארשע. אלחנן צייטלין האט דא פאראייביקט הן די ליטעראַרישע ווארשע, ווי זי האט אויסגעזען ארויסקוקנדיק פון דער ליטעראַרישער שטוב, הן די ראמאנטישע יוגנט, וואס האט ס'רוב דורך די שטרעבונגען צו ווערן לערער זיך אריינגעגאסן אין דעם יידישן לעבן. דורך דער פריזמע פון דער דאזיקער שטוב ווערט ווערט אפילו י. ל. פרץ געוויזן גאר אן אנדערער: ווי ער קומט אויף א יום־טוב פון א העברעאישער לערער־שול, פארזאמלט זיך אפגעזונדערט מיטן יונגוואַרג, וואס קלעפט זיך צו אים, אלע זיצן אויף דר'ערד, ביי א בלאסן שיין, פרץ אין מיטן, און דער „פאטער פון יידישיזם" זינגט פארבענקט א העברעאיש ארץ ישראל־ליד (זייט 66).

„אין א ליטעראַרישער שטוב" זעען מיר א סך היימישע פיגורן, וועלכע ווערן מאמענטנווייז געוויזן אין א נייעם ליכט. אבער נישט ווייניקער אינטערעסאנט איז דאס, וואס עס ווערן פאר אונדז אנטפלעקט די אומבאקאנטע מענטשן, אראנק וועלכע די היימישע פערזענלעכקייטן זענען ניט איין מאל אריינגעפאלן אין התפעלות, די שטייגער־בילדער, פורים־סעודות, די דאמשע־אטמאספערע, די „קופּט" וואס האט מעגלעך געמאכט, אז דער יידישער גייסט, אנטוויקלט אין פארשידענע פארמען און אויף פארשידענע וועגן, זאל אויפשטייגן און באפרוכפערן דאס יידישע לעבן נישט בלויז אין פוילן, נאר אין דער גאנצער יידישער וועלט.

א וויכטיקער טייל פון פוילישן יידנטום ווערט פאראייביקט „אין א ליטעראַרישער שטוב". דער באגאבטער שילדערער אלחנן צייטלין האט באוויזן איבערצולאזן אונדז א בילד פון יידישן געדרוקטן ווארט אין פוילן, געזען מיט די אויגן פון א זון פון א גרויסן פאטער, וועלכע האבן מקדש געווען אין די יארן פון גרויסן נסיון דעם אומשטאַרביקן שם פון פוילישן יידנטום.

---

**מאיר בורסוק** שרייבט וועגן די ביכער־אויפגאבן פון צענטראל־פארבאנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע („דער שפיגל", נומער 425, בוענאס איירעס, אקטובער 1946), צוו. א:ד. פאלגנדעס:

אן רעש, אן טומל, אן דער איבערגעטריבענער פראפאגאנדע, מיט וואס מען איז געוווינט ביי אונדז אנצוהייבן יעדע קלענערע און גרעסערע אונטערנעמונג, האבן זיך עטלעכע מענטשן צוריק מיט אייניקע מאנאטן, צוזאמענגערעדט און געשאפן דעם פארלאג ביים צענטראל-פארבאנד פון די פוילישע יידן אין ארגענטינע, און גלייך אנגעהויבן ארויסצוגעבן די ביכער־סעריע „ד א ס פ ו י ל י ש ע י י ד נ ט ו ם". ביי דער רעדאקציע פון דער דאזיקער פיל־זאגנדער ביכער־סעריע איז אוועקגעשטעלט געווארן דער באוווסטער זשורנאליסט און זייער פעאיקער געזעלשאפטלעכער אקטיוויסט מארק טורקאוו. ווי א טעכנישער לייטער אקטואירט דער פריערדיקער מיטאייגנטימער פון פארלאג „יידיש", אברהם מיטלבערג. דאס ערשטע בוך פון דער סעריע איז טאקע אנגעשריבן אליין פון מארק טורקאוו: „מ ל כ ה א ו ו ש י א נ י ד ע ר צ יי ל ט..." כראניק

פון אונדזער צייט). דאָס איז אַ טראַגישע אַדיסעאַ וואָס דאָס יונגע מיידל מ. אָוושיאַני האָט איבערגעלעבט אין דעם נאַציִשן גיהנום, דורכמאַכנדיק דעם בלוטיקן דערנער־וועג פון לאַגער צו לאַגער, פאַרלירנדיק ביסלעכווייז אַלע אירע ליבסטע און טייערסטע, וואָס זי האָט דאָרטן געהאַט און נאָר דורך ניסים איז זי געבליבן גאַנץ און זיך אַרויסגעראַטעוועט צו אירע פאַמיליען־מיטגלידער, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַרגענטינע. מ.כה האָט די דאָזיקע גרויליקע איבערלעבונגען אויספירלעך דערציילט פאַר טורקאָוון און ער האָט זיי ליטעראַריש באַאַרבעט און איינגעגלידערט נאָך אַ ווערק פון דעם זשאַנר אין די פילע, וואָס זענען שוין געשריבן געוואָרן און אין דער נאָך גרעסערער צאָל, וואָס וועלן ערשט דערשיינען און וואָס אַלע צוזאַמען וועלן זיי דאַרפן שאַפן דעם גראַנדיעזן מאָנומענט פאַר אונדזערע מיליאָנען קדושים, פאַר דער אייביקייט...

:: : ::

נאָך דעם דאָזיקן ערשטן בוך (וואָס איז ווירקלעך געווען פון די ערשטע דאָ אין אַרגענטינע, וואָס האָט אויספירלעך דערציילט וועגן אונדזער גרויסן פאָלקס־אומגליק) האָבן שנעל געפאָלגט איינס נאָך דאָס אַנדערע ווערק, וואָס יעדער פון זיי איז אַ וויכטיקער ביישטייער אויפצולעבן גייסטיק און פאַרפיקסירן אין דער ליטעראַטור, דאָס וואָס איז פון אונדז אַוועקגערויבט געוואָרן דורך מערדער און רויבער; דאָס וואָס **איז פיזיש אַוועק פון אונדז אויף אייביק** און וועט זיך שוין קיינמאָל ניט צוריקקערן — דאָס שאַפנדיקע, דאָס דינאַמישע, דאָס פולבלוטיקע, פוילישע יידנטום.

:: : ::

זעקס ביכער זענען שוין, אין לויף פון די געציילטע מאָנאַטן, פון דאָזיקן פאַרלאַג אַרויסגעגעבן געוואָרן, און דער זיבעטער דערשיינט די טעג. דאָס איז אַ רעקאָרד פון אַרויסגעבן ביכער (דער ערשטער בוך איז דערשינען אין אַפּריל 1946), בפרט נאָך ווען ס'האַנדלט זיך אין אַזאַ רויען, אומדאַנקבאַרן באָדן ווי ס'איז אונדזער יידישע אַרגענטינע אויף דעם געביט. נאָך טורקאָווס בוך זענען ביז אַהער דערשינען פאָלגנדע: „י. ל. פרץ" — פון ה. ד. נאָמבערג; „טרעבלינקע" — פון וו. גראָסמאַן און י. וויערניק; „מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו" — פון פרץ גראַנאַטשטיין; „חורבן לאָדזש" — פון ישראל טאַבאַקסבלאַט און „באַרג חורבן" — פון זרובבל און לעצטנס „אין אַ ליטעראַרישער שטוב" — פון אלחנן ציימלין.

:: : ::

ערשט מיטן אויפקום פונעם ביכער־פאַרלאַג ביים צענטראַלן יידיש־פוילישן פאַרבאַנד, האָבן מיר באַקומען אַן אונטערנעמונג פון דעם מין, פון געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם און כאַראַקטער. אַ מאָדנע דערשיינונג ביי אונדז אויף דער יידיש־אַרגענטינער גאַס: אַ פאַרלאַג וואָס באַצאָלט אַן ערלעכן האָנאָראַר די שרייבער וועמעס ביכער ער פּובליקירט; די ביכער דערשיינען בליצאַרטיק איינס




נאָך דאָס אַנדערע און אויך אַזוי שנעל ווערן זיי אָפּגעזעצט; מען דאַרף גאָרנישט גיין פון שטוב צו שטוב אָנבאָטן ביכער צום פאַרקויפן; די קונים קומען אַליין און אייניקע פון זיי בעטן זיך גאָר פאַרוואָס מען האָט פאַרגעסן אין זיי און מען האָט זיי נישט צוגעשיקט דעם אָדער יענעם בוך.

ס'זענען פאַראַן פאָדערונגען אויף גרויסע סכומען ביכער, נישט נאָר פון אינלאַנד, נאָר פון אַלע לענדער פון דער וועלט: פון זיד-אַמעריקאַנער קאָנטינענט; פון נאָרד־אַמעריקע; פון ארץ ישראל און פון ווו נישט?

די פריינט טורקאָוו־מיטלבערג מיט אַלע איניציאַטאָרן פונעם יידיש־פוילישן פאַרבאַנד, וואָס שטייען אַרום זיי און העלפן זיי אין דער דאָזיקער ווירדיקער אַרבעט — זיי אַלע דאַרפן זיין שטאָלץ ביי זיך: זיי האָבן געבראָכן דעם שאַבלאָן; זיי האָבן אַוועקגעמאַכט מיט דער נעבעכדיקייט פונעם יידישן בוך; זיי האָבן דערהויבן זיין ווירדע און אַוועקגעשטעלט דאָס יידישע בוך אויף דער געהעריקער הויך — הלוואי געלינגט זיי אָפּצוהאַלטן אַן אַנטגילטיקן נצחון!

:: : ::

אורטיילנדיק נאָך דער ביכער־סעריע „ד אָ ס פ ו י ל י ש ע יי ד נ ט ו ם", פון די וואָס זענען שוין דערשינען, און פון דער לאַנגער רשימה ווערק, וואָס זענען אָנגעצייכנט פאַרעפנטלעכט צו ווערן, קען מען זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן די מאָראַליש־גייסטיקע אוצרות, וואָס זענען דאָרטן איינגעשלאָסן. מיט דער דאָזיקער ביכער־סעריע וועט אויפגעלעבט און פאַרפיקסירט ווערן (ווי מיר האָבן דאָס שוין געזאָגט) נישט נאָר די געשיכטע פון די פוילישע יידן, נאָר אויך זייער ליטעראַטור, זייער לעבנס־פילאָזאָפיע (וואָס איז אויך אונדזערע), זייער וויסנשאַפט און אַפילו זייער לעבנס־שטייגער. דאָס איז פון גרויסער וויכטיקייט. פאַר אונדז, לעבעדיקע, האָט דאָס אַן אומגעהויער קולטור - היסטאָרישן ווערט. פאַר זיי, פאַר די פאַרפייניקטע קדושים, איז דאָס עפּעס אַזוינס ווי ווייטערדיקער המשך — אויב נישט פיזישער, איז גייסטיקער — זיי זענען דאַכט זיך טויט, און לעבן דאָך צווישן אונדז...

אָט אַזאַ קראַפט האָבן אין זיך די דאָזיקע ביכער.

נאָך מער: פון די דאָזיקע ביכער שרייט אַרויס דאָס אומשולדיקע בלוט פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים. דאָס איז אַ בלוטיקער שפּיי אין פּנים דער „קולטורעלער", „דעמאָקראַטישער" און „ציוויליזירטער" וועלט, וואָס האָט גלייכגילטיק צוגעקוקט דעם דאָזיקן שוידערלעכן מיליאָנען־מאָרד

און געגעבן פאר אים איר שטילע צו־
שטימונג... ווי צו אזא וועלט און ווי
צו אירע זיילן... דאס דאזיקע בלוט
פון אונדזערע זעקס מיליאן קרבנות
צוזאמענגעמישט מיטן בלוט פון די
אנדערע מיליאנען, פון פארשידענע
פעלקער, וואס זענען אויך אומשול־
דיקערהייט אומגעקומען פון פארברע־
כערישע הענט, וועט אזוי לאנג קאכן
און זידן און דריקן אויפן געוויסן פון
**דער מענטשהייט, ביז וואנען ס'וועט**
אין לעבן פון די פעלקער איינגעפירט
ווערן אזעלכע נארמען, וואס וועלן
איינגאנצן אוממעגלעך מאכן אזעלכע
פארברעכנס — וועלן אוממעגלעך
מאכן יעדן מין פארברעכן...

:: :: ::

פראפ. ד״ר מאיר באלאבאן




ס'וואלט געווען פון גרויסע נוצן
ווען איינציקע פון דער דאזיקער בי־
כער־סעריע זאלן איבערגעזעצט ווערן
אין שפאניש.

